י. מעצקער

# דאָן יצחק אַבּרבּנאַל

1437—1509

אילוסטרירט
פון ה. ניישלאַס

ארויסגעגעבן פון
פאַרלאַג קינדער־רינג
ביי דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער־רינג
175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק, נ. י.

קינדער־רינג ביבליאָטעק

# דאָן
# יצחק אַברבנאַל

פון י. מעצקער

אילוסטרירט פון

ה. ניישלאָס

•



אויפגעזעצט און געדרוקט אין דער פאריש פרעס
*Printed by* PARISH PRESS, 11 Barrow St., New York, N. Y.


(10)



## יהודה אבארבאנעלס הויז ווערט געבענטשט מיט א זון

אין א פרימארגן פון דעם יאר פערצן הונדערט זיבן און דריי־סיק האט איבער דער שטאט ליסבאן זיך פארשפרייט די נייס, אז יהודה אבארבאנעלס הויז איז געבענטשט געווארן מיט א זון.

— זאל ער וואקסן מיט מזל ביי די איידעלע און גוטהארציקע טאטע־מאמע! זאל גאט געבן, אז ער זאל זיין אזוי קלוג און גע־לערנט ווי זיין פאטער! האבן ארעמע און רייכע, יידן און ניט־יידן מיט ליבשאפט גערעדט וועגן דעם ניי געבוירענעם און וועגן זיין הויז און זיין שטאם.

יהודה אבארבאנעל איז געווען דער פינאנץ־מיניסטער פון פאר־טוגאל, און ער איז געווען אנגעזען און באליבט. זיין היים האט ער געהאט אין דער שיינער שטאט ליסבאן, וואו עס האבן געוואוינט א סך יידן. די יידן האבן אים געהאלטן פאר זייער פירער און פאר־טיידיקער, וואס איז שטענדיק גרייט זיך אנצונעמען פאר זיי.

טאטע־מאמע האבן זייער זון א נאמען געגעבן יצחק און מיט גרויס איבערגעגעבנקייט אים דערצויגן. זיי האבן געוואכט איבער אים, און זיך געשפיגלט אין זיינע לויטערע קלוגע אויגן.

דער קליינער יצחק האט פאר פרי אנגעהויבן רעדן. און גע־רעדט האט ער אזוי קלוג און אזוי פארשטענדלעך, אז מענטשן האבן זיך גארניט געקענט אפוואונדערן פון זיין חכמה.

— פאר וואס זיינען די מענטשן אזוי קליין און דער הימל איבער זיי איז אזוי הויך?

— פאר וואס קען די זון ניט שיינען ביי נאכט אויך? — האט ער געפרעגט ביי זיין מאמען ווען ער איז צוויי יאר אלט געווען.

— פאר וואס וואוינען ניט אלע מענטשן אין איין גרויס הויז?
— האט ער מיט דער פראגע זיך איין מאל געווענדט צו זיין פא־טער.

אלע מאל האט ער געהאט אן אנדער „פארוואס” און נאך דעם ענטפער איז ער שטענדיק געבליבן זיצן פארטראכט ווי א גרוי־סער. ער האט געוואלט אלץ דערגיין, אלץ וויסן.

יהודה אבּאַרבּאַנעל איז געווען אַ פרומער ייד און ער האָט זיין גערהאַטענעם זון פון קליינוויז אַן געפירט אין גאַטס וועגן און אים געלערנט צו זיין גוט און פרום. איידער מען האָט יצחקן אָפּגעגעבן לערנען האָט אים דער טאַטע שוין געהאַט אויסגעלערנט אויף אויסווייניק די צען געבאָט. דער פאָטער האָט אים דערציילט אַ סך מעשות פון תנך. דער קליינער יצחק האָט די מעשות זייער שטאַרק ליב געהאַט.

— אַ, איך וואָלט וועלן, אַז די מעשות וועגן יידן זאָלן זיך קיין מאָל ניט אויסלאָזן — האָט ער איין מאָל אַ פאַרחלומטער זיך אָנגערופן צו זיין פאָטער.

— זאָרג ניט, קינד מיינס! — האָט אים דער פאָטער געטרייסט — די מעשות וועלן זיך קיין מאָל ניט ענדיקן. זיי ציען זיך שוין טויזנטער יאָרן און זיי וועלן זיך אַזוי ציען ביז אין דער אייביקייט.

## פרייהייט פון גלויבן

יהודה אַבּאַרבּאַנעל איז געווען באַקענט מיט זיין חכמה און מיט זיין וויסן. געלערנטע לייט פלעגן קומען צו אים אין שטוב. עס זיינען צו אים געקומען יידן, קריסטן, מאַכמעדאַנער, און אַלע האָבן ביי אים אין הויז זיך געפילט פריי. יצחק האָט פון קליינוויז אויף ליב געהאַט צו פאַרברענגען צווישן די געסט. מען האָט אָפט גערעדט וועגן רעליגיע און יצחק איז געווען צו יונג צו פאַרשטיין די רייד. ער האָט אַ סך מאָל געהערט די ווערטער „פרייהייט פון גלויבן".

— טאַטע, וואָס מיינט פרייהייט פון גלויבן? — האָט ער עטלעכע מאָל אַ נייגעריקער זיך נאָכגעפרעגט.

— ווען דו וועסט עלטער ווערן וועל איך דיר אַלץ געבן צו פאַרשטיין — האָט אים דער פאָטער געענטפערט.

אָבער גאַר גיך האָט יצחק פאַרשטאַנען וואָס די ווערטער באַטייטן. ער איז דעמאָלט זעקס יאָר אַלט געווען.

עס איז געווען אין אַ פרילינגדיקן פאַרנאַכט. יצחק איז געזעסן אין זייער שיינעם גאָרטן לעבן זיין טאַטן אַרומגערינגלט מיט אַ סך

געסט. צווישן די פאַרזאַמלטע זיינען געווען גרויסע לייט, באַרימטע דאָקטוירים און גרויסע געלערנטע. זיי זיינען אַלע געזעסן אונטער אַן אַלטן צעוואַקסענעם בוים אַרום אַ טיש. מען האָט אָנגעשטעלט פאַר זיי פרוכטן און ווייַנען, און זיי האָבן געמיטלעך פאַרבראַכט. דאָס גאָלד פון דער פאַרנאַכטיקער זון האָט מיט רואיקייט זיך געשפּרייט אויף די פילפאַרביקע בלומען פון גאָרטן. דער דרויסן האָט געשמעקט מיט בליאונג און דער הימל איז געווען הויך און לויטער, אַן אַ פיצל וואָלקן.

פלוצעם האָט זיך אין גאָרטן באַוויזן אַ פרעמדער. זיין פּנים איז געווען אויסגעצערט און די קליידער אויף אים זיינען געווען פאַרשטויבט און צעריסן.

— שלום צו אייך, פרעמדער — האָט יהודה אַבאַרבאַנעל אים פריינדלעך באַגריסט. יצחק, וואָס האָט מיט גרויסע קינדערשע אויגן באַטראַכט דעם פרעמדן, איז אויפן פאָטערס אַ וואונק גיך אויפגעשפרונגען און געבראַכט צו טראָגן אַ קרוג וואַסער.

— וואָשט אייערע הענט, לענט אונטער אייער האַרץ און רוט זיך אוים פון וועג — האָט אַבאַרבאַנעל איינגעלאַדן דעם גאַסט צום טיש.

דער פרעמדער ייד האָט זיך געוואַשן, געמאַכט פרום אַ ברכה און געטרונקען פון דעם פרישן וואַסער.

— דערציילט פון וואַנעט קומט איר און וואָס פאַר אַ נייס ברענגט איר — האָט איינער פון די פאַרזאַמלטע זיך נאָכגעפרעגט.

— איך קום פון שפּאַניע און איך ברענג אַ טרויעריקן גערוס פון די דאָרטיקע יידן, — האָט דער פרעמדער אָנגעהויבן דערציילן. — די שפּאַנישע גלחים לאָזן ניט די יידן פריי דינען גאָט. אין די שבתים און אין די ימים טובים, ווען יידן פאַרזאַמלען זיך אין די שולן צו דאַווענען, רייסן זיך אַריין גלחים מיט צלמים אין זייערע הענט. זיי שטעלן זיך אַוועק ביים אָרון-קודש, שרייען אוים אויפן קול אַז משיח איז שוין לאַנג געקומען און טרייבן אַלעמען איבער גוואַלד צום שמד.

אין מיין שטאָט האָבן די גלחים, פּונקט ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט אין שפּאַניע, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: מע זאָל אַלע יידן אַרויסטרייבן אין מיטן מאַרק, מע זאָל צווינגען די רבנים עפנטלעך צו דעבאַטירן מיט די גלחים וועגן גלויבן; מען האָט די רבנים שטרענג אָנגעזאָגט צו זיין פאָרזיכטיק מיט זייערע רייד. מען האָט זיי עטלעכע מאָל געוואָרנט, אַז פאַר דעם מינדסטן וואָרט, וואָס זיי וועלן אַרויסרעדן קעגן קריסטנטום וועלן זיי טייער באַצאָלן. אין אָנהייב זיינען זיי געווען צעשראָקן, אָבער ווען די גלחים האָבן אָנגעהויבן פאַלש אויסצוטייטשן די ווערטער פון דער תורה און די רייד פון די נביאים, האָבן אונדזערע פאַרטיידיקערס אין גאַנצן פאַרגעסן אָן דער וואָרנונג. מיט באַגייסטערונג און מיט גרויס קענטשאַפט האָבן זיי גענומען אָפּענטפערן די גלחים און אַלע האָבן אין שטילקייט זיך צוגעהערט.

פּלוצעם זיינען אונדז באַפאַלן אַ מחנה מענער מיט אַנטבלויזטע שווערדן און אונדז גענומען טרייבן אין קירך אריין צום שמד. מיר האָבן צוזאַמען מיט אונדזערע רבנים זיך אַנטקעגנגעשטעלט די מערדערס און אַ סך יידן זיינען אויפן אָרט דערהרגעט געוואָרן. ווי דורך אַ וואונדער האָב איך זיך דעמאָלט געראַטעוועט פון דעם טויט און פון דעם צלם. איך האָב איבערגעלאָזט מיין היים און מיין פאַרמעגן אין די בלוטיקע הענט פון די רויבערס, וואָס נעמען ביי אונדז צו די פרייהייט פון גלויבן און איך בין אַנטלאָפן קיין פּאָרטוגאַל.

דער פרעמדער האָט פאַרענדיקט און אַ מידער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול.

יצחק האָט די גאַנצע צייט, ווי אַ פאַרכישופטער געקוקט דעם שפּאַנישן יידן אין די גליענדיקע שוואַרצע אויגן אַריין און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אים אויסגעהערט. ער איז ווי מיט אַ מאָל עלטער געוואָרן. ער האָט איצט קלאָר פאַרשטאַנען דעם מיין פון די ווערטער „פרייהייט פון גלויבן”.

# ניט אַלץ קען מען צונעמען

די זון האָט אַ רויטע זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן די ביימער און דער טאָג האָט אָנגעהויבן פאַרגיין.

נאָך דעם פרעמדנס רייד זיינען אַלע אַרום דעם טיש געבליבן זיצן אומעטיק און שטיל.

יהודה אַבאַרבאַנעל איז צוגעגאַנגען צו דעם פרעמדן און אים אָנגערירט ביים אַקסל: — מיין הויז איז פאַר אייך אָפן. ברויט צו זאָט איז געגרייט פאַר אייך אויף מיין טיש און אויך אַ געלעגער איז פאַר אייך אויסגעבעט — האָט ער צו אים פריינדלעך גערעדט און אין דער באַגלייטונג פון אַ דינער אים אַוועקגעשיקט אין הויז אריין.

די געסט זיינען זיך דערנאָך איינציקווייז צעגאַנגען. בלויז יהודה אַבאַרבאַנעל מיט זיין זון זיינען איבערגעבליבן אין גאָרטן.

— די גלחים ווילן, אַז עס זאָלן מער ניט זיין קיין יידן? אַלע זאָלן זיך אויסשמדן? — האָט יצחק ווי אַ דערוואַקסענער מיט אַ טרויעריקן קול זיך געווענדט צו זיין פאָטער.

— אַזוי ווילן זיי — האָט אים דער פאָטער געענטפערט — אָבער דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס מע וויל איבער גוואַלד די יידן אָפּפרעמדן פון זייער גלויבן. זיי האָבן אָבער זיך שטענדיק אַנטקעגן געשטעלט און זיך ניט אונטערגעגעבן.

— און ביי דעם פרעמדן יידן פון שפּאַניע האָבן זיי אַלץ צוגענומען? ער האָט ניט מער קיין היים?

— ניין, ניט אַלץ האָבן זיי ביי אים צוגענומען. זיי האָבן בלויז צוגערויבט זיין האָב־און־גוטס, אָבער זיין מוט און זיין פעסטן גלויבן האָבן זיי ביי אים ניט געקענט צונעמען. דאָס האָבן זיי אויך ניט געקענט צונעמען ביי מיין טאַטן און דיין זיידן שמואל אַבאַר־באַנעל, ווען ער איז פון דאָרטן אַנטלאָפן.

— מיין זיידע? האָט ער אויך געמוזט אַנטלויפן פון שפּאַניע?

— יאָ, מיין זון, דאָס זעלבע וואָס עס האָט זיך געטראָפן מיט דעם פרעמדן פון שפּאַניע האָט זיך אַמאָל געטראָפן מיט דיין זיידן.

יצחק האָט זיך נענטער צוגערוקט צום פאָטער, אַרויפגעקוקט

צי אים מיט טרויעריקע קלוגע אויגן און אים פארוואָרפן מיט פראַגעס. ער האָט אַלץ געוואָלט וויסן וועגן דעם זיידן און וועגן די עלטער-זיידעס.

דער פאָטער האָט אויסגעהערט אַלע פראַגעס און ווי פאַר אַ גרויסן געקומען דערציילן.

— מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק — האָט אַ בייזער הערשער פון בבל צעשטערט דאָס יידישע לאַנד ארץ-ישראל און פארטריבן די יידן אין גלות. אַ טייל פון די פארטריבענע זיינען פארוואָגלט געוואָרן אַזש קיין שפּאַניע און זיך באַזעצט אין סעוויל, צווישן יענע ערשטע יידן אין סעוויל איז אויך געווען אונדזער עלטער-זיידע, וואָס האָט געשטאַמט פון קיניג דודס הויז.

— איז דער קיניג דוד אויך געווען אונדזער זיידע? — האָט יצחק איבערגעריסן.

— יאָ, אַ לאַנגע קייט פון דורות ציט זיך פון דיר ביז צו דודן, — האָט אים דער פאָטער דערקלערט און ווייטער דערציילט.

— מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָבן רוימער צום צווייטן מאָל חרוב געמאַכט ארץ ישראל און צעטריבן די יידן איבער דער וועלט. צענדליגער טויזנטער פון די היימלאָזע זיינען דעמאָלט געקומען קיין שפּאַניע, וואו עס האָבן שוין פון פריער געוואוינט זייערע ברידער. די יידן האָבן דאָרטן געבויט הייזער, געפלאַנצט וויינגערטנער, געאַרבעט אין וואַרשטאַטן, געזעגלט אויף שיפן און געפירט האַנדל. זיי האָבן ליב באַקומען דאָס זוניקע לאַנד און עס געמאַכט רייכער און שענער.

אין צייט איז דאָס לעבן פון די יידן אין שפּאַניע געווען אַזוי שיין און אַזוי פריילעך, אַז יידן פון גאַר דער וועלט האָבן געהאַלטן אין איין רעדן וועגן זיי. אין אַנדערע לענדער, אין דייטשלאַנד האָט מען אין יענער צייט יידן שטאַרק פאַרפאָלגט. מען האָט אויף יידן אויסגעטראַכט בילבולים, אַז זיי זיינען כישוף-מאַכערס, אַז זיי נוצן קריסטלעך בלוט צו זייערע מצות, אַז זיי פארסמען ברינעמער און מען האָט טויזנטער פון זיי אומגעבראַכט. אין דער צייט ווען יידן אין אַנדערע לענדער האָבן געמוזט וואוינען אין אָפּגעשלאָסענע פינצטערע געטאָס און טראָגן געלע לאַטעס אויף זייערע קליי-

דער, ווי אַ שאַנדצייכן, זיינען יידן אין שפּאַניע געווען פריִיִע בירגער פון דעם לאַנד. די הערשערס פון שפּאַניע זיינען אין יענע יאָרן געווען מאַכמעדאַנער און זיי האָבן ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן ייִד און ניט־ייִד. אונטער זייער הערשאַפט זיינען יידן געווען הויף־דאָקטוירים, פּירערס און געלערנטע, וואָס האָבן געטריי געדינט דעם קיניג און דעם לאַנד. שפּאַניע האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ סך גרויסע יידישע דיכטערס און פילאָזאָפן, וואָס זייער נאָמען איז געבליבן באַרימט אויף לאַנגע דורות.

אָבער די גאָלדענע צייט איז אַוועק. קריסטלעכע הערשערס האָבן פאַרפירט מלחמות קעגן די מאַכמעדאַנער און ביסלעכווייז פאַרכאַפּט שפּאַניע. דאָס לאַנד איז געוואָרן קריסטלעך און די גלחים האָבן מיט גוטן און מיט בייזן אָנגעהויבן פאַנגען יידן אין דער נעץ פון קאַטוילישן גלויבן. זיי האָבן פאַרשפּרייט האַס קעגן די יידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט ווערן קיין קריסטן און ווי אין אַנדערע לענדער צוגענומען פון זיי אַ סך פריִיהייטן. דאָס האָט די שטאָלצע שפּאַנישע יידן שטאַרק דערצאָרנט און זיי האָבן מוטיק גענומען קעמפן פאַר זייער רעכט און פריִיהייט.

דער זיידע דיינער שמואל אַבּרבנאל האָט געוואוינט אין דער שטאָט סעוויל, דאָרטן וואו אונדזער עלטער־זיידע האָט זיך אַמאָל, מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק באַזעצט. ער איז געווען דער פינאַנץ־מיניסטער פון שפּאַניע, דער פאָרשטייער פון אַ סך יידישע קהילות און דער באַשיצער פון די אָרעמע.

מיט עטלעכע און פופציק יאָר צוריק איז עס געווען. אין סעוויל האָט דעמאָלט געלעבט אַ פאַנאַטישער גלח מיטן נאָמען פערנאַנד מאַרטין, וואָס האָט אין די קירכן כסדר געהעצט די קריסטן קעגן די יידן. ער האָט מיט גיפטיקע רייד געוועקט אין זיי פיינטשאַפט צו זייערע יידישע שכנים און זיי געהייסן רויבן און מאָרדן יידן.

איין מאָל איז דער עולם אַזוי שטאַרק אויפגערייצט געוואָרן פון זיינע רייד, אַז זיי האָבן אַלע ווי ווילדע חיות, זיך אַ לאָז געטאָן אויף די יידן פון סעוויל. זיי האָבן אויסגעפּלינדערט יידישע היימען און שולן, זיי האָבן אָן רחמנות דערהרגעט מענער, פרויען און קינדער און אונטערגעצונדן דעם יידישן שטאָט טייל פון אַלע זייטן. די יידן

האָבן זיך דעמאָלט העלדיש פאַרטיידיקט. טויזנטער יידן זיינען דע־מאָלט אין איין טאָג אומגעקומען און די גאַנצע יידישע קהילה פון סעוויל איז חרוב געוואָרן. די עטלעכע שולן, וואָס זיינען ניט פאַר־ברענט געוואָרן, האָבן די גלחים צוגענומען פאַר קירכן און די יידן, וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָט מען אַוועקגעשיקט צום שמד. צווישן די אומגליקלעכע, וואָס זיינען דעמאָלט געצוואונגען געוואָרן אָנצונעמען דעם פרעמדן גלויבן, איז אויך געווען דיין זיידע שמואל אַברבנאל.

טרערן גרויסע האָבן זיך באַוויזן אין יצחקס אויגן.

— איז דער זיידע שוין פאַרבליבן אַ קריסט? — האָט ער מיט אַ וויינענדיקן קול געפרעגט.

— אָ, ניין מיין קינד! — ביי זיך אין האַרצן זיינען יידן געבליבן יידן. אין זייערע היימען האָבן זיי זיך געפירט ווי פריער. זיי האָבן די קינדער געלערנט אַפּצוהיטן אַלע געבאָט פון דער תורה. זיי האָבן זיי נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל דערציילט, אַז אין קירך אַריין גייען זיי נאָר דערפאַר ווייל מע צווינגט זיי דערצו.

דער זיידע דיינער האָט אפילו לפנים ניט געוואָלט גיין אין קירך אַריין און ער האָט לענגער ניט געוואָלט בלייבן וואוינען צווישן די, וואָס האָבן אים אַזוי פאַרשעמט און באַליידיקט. אַ באַרויבטער און אַ דערנידעריקטער איז ער אַוועק פון דעם לאַנד, וואָס ער האָט אַזוי היים געליבט און געקומען אַהער קיין פּאָרטוגאַל. דאָ, אין דעם לאַנד, וואו יידן האָבן פרייהייט און רעכט גלייך מיט אַלעמען, האָט דער זיידע זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אַרויפגעצוואונגענעם גלויבן און אָנגעהויבן אַלץ אויפס ניי. אין גיכן האָט אים דער קיניג פון פּאָרטוגאַל באַשטימט פאַרן פינאַנץ-מיניסטער. זיין רייכטום איז טאַקע געבליבן אין שפּאַניע, אָבער אַהער האָט ער מיטגעבראַכט זיין גוטן נאָמען, זיין געלערנטקייט און זיין איבערגעגעבנקייט צו דעם גלויבן פון זיינע עלטערן. דאָס מיין זון, איז שטענדיק ווערט מער פון גאָלד און פון זילבער, ווייל מע קען עס קיין מאָל ניט צונע־מען פון אַ מענטשן.

— מע קען עס קיין מאָל ניט צונעמען פון אַ מענטשן — האָט יצחק אַ פאַרטראַכטער איבערגעזאָגט די לעצטע ווערטער.

## די תורה איז טיפער פון א קוואל

יצחק איז געוואקסן אין רייכקייט און אין גוטס. טאטע־מאמע האבן שטענדיק געזוכט אים אלץ נאכצוגעבן. עס האט אים אבער פון קליינוויז אויף ניט געצויגן צו קיין רייכע פארגעניגנס און צו קיין רווישיקער פרייד. ער איז געווען א שטילער, א פארטראכטער און ער האט זיך געפירט אנדערש ווי די קינדער פון זיין שטאנד. קינדער פון אזעלכע רייכע און אנגעזעענע עלטערן ווי זיינע האבן ליב געהאט פריילעך צו פארברענגען ביי פארשיידענע ספארט־שפילן. זיי האבן ליב געהאט ארויסצופארן אויסגעפוצטע אין רייכע קארעטן און אויף שיינע רייטפערד. יצחק האט אבער בלויז איין זאך ליב געהאט — לערנען. מיטן גאנצן פייער פון זיין נשמה איז ער געווען ארייגעטאן אין לערנען. דאס איז געווען זיין גרעסטער פארגעניגן און זיין שענסטע שפיל.

— די תורה איז טיפער פון א קוואל — האט די מאמע מיט נחת צוגעשאקלט מיטן קאפ, ווען ער האט א באגייסטערטער איר דערציילט וואס ער האט געלערנט.

ער האט מיט גרויס ליבשאפט געלערנט תנך. ער האט יעדער ווארט געוואלט קלאר פארשטיין און ער האט זיך ניט געשעמט פאר זיינע לערערס נאך א מאל און איבער א מאל איבערצופרעגן. דאס בוך פון אלע ביכער איז אים אזוי ליב געווארן, אז אפילו ביי נאכט האט ער זיך דערמיט ניט געוואלט צעשיידן און עס כסדר געהאלטן אונטער זיין קישן. ניט איין מאל האט זיך אים געחלומט, אז דאס בוך, וואס ליגט ביי אים צוקאפנס, עפנט זיך אויף און עס קומען פון דארטן ארויס די מענטשן וועגן וועלכע ער האט געלערנט. ער דער־קענט זיי באלד און רעדט צו זיי ווי צו אלטע באקאנטע.

יצחק האט מיט זיין קענטשאפט אריבערגעשטיגן אלע זיינע חברים. ער האט זיך אבער דערמיט קיין מאל ניט געגרייסט פאר זיי. ער האט זיך אויך קיין מאל ניט געהאלטן שטאלץ קעגן זיי מיט דעם וואס זיין טאטע איז אזוי אנגעזעען ביים קיניג. די חברים זיינע האבן אים אלע ליב געהאט און ניט איין מאל זיך געלאזט פון אים לערנען. כאטש ער איז געווען דער יינגסטער צווישן זיי האבן זיי אלע צו אים ארויפגעקוקט ווי צו זייער פירער.

געגרייסט האָט ער זיך יאָ אָפּט מאָל מיט דעם, וואָס דער קיניג דוד איז געווען זיין עלטער־זיידע. ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן דאָס וויסן. קוים האָט אים עמעצער געפרעגט ווי ער הייסט האָט ער שטענדיק אין איין אָטעם געענטפערט: „יצחק אַברבנאל פון דודס שטאָם".

יונגערהייט נאָך האָט ער אָנגעהויבן צושטעלן דעם יחוסדיקן אָפּשטאַם זיינעם צו זיין אונטערשריפט אויף אַלע זיינע בריוו. שפּע־טער האָט ער דעם לאַנגן נאָמען געשטעלט אויף אַלע ביכער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

יצחק האָט פון זיין קינדהייט אָן געחלומט צו זיין אַזוי מוטיק ווי זיין עלטער־זיידע דוד. ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע ניט איין מאָל זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער אַליין איז דער העלדישער פּאַסטעך פון בית־לחם, וואָס גייט אָן אומדערשראָקענער אין קאַמף פאַר זיין פאָלק.

אָבער ניט דעם פייל־און־בויגן און ניט די שווערד האָט יצחק אויסגעקליבן פאַר זיין וואָפן צו קעמפן פאַר זיינע ברידער. דער יונ־גער אַברבנאל איז אין גאַנצן געווען אַריינגעטאָן אין לערנען. רבנים און גרויסע געלערנטע, וואָס זיינען געווען זיינע לערערס און זיינע פריינד האָבן מיט באַוואונדערונג גערעדט וועגן זיין קענטשאַפט און וועגן זיין שאַרפזין.

חוץ פאָרטוגעזיש און העברעאיש, די שפּראַכן וואָס ער האָט פון קינדווייז אויף געלערנט, האָט ער זיך אויך אויסגעלערנט שפּאַ־ניש, אַראַביש, לאַטיין און גריכיש און שטודירט די געשיכטעס פון פאַרשיידענע פעלקער.

## דער פינאַנץ־מיניסטער

יאָרן זיינען פאַרגאַנגען. דאָן יצחק אַברבנאל האָט געוואוינט אין דעם גערירשנטן הויז פון זיין פאָטער. ער איז געבענטשט געוואָרן מיט וויסן און חכמה, מיט רייכקייט און כבוד. ער איז געווען אַ גרוי־סער סוחר און מיט קלוגשאַפט געפירט זיינע געשעפטן, ער איז מיט זיין געלערנטקייט באַקאַנט געוואָרן וויים איבער די גרענעצן פון פאָרטוגאַל, און יידן פון אַנדערע לענדער האָבן זיך געווענדט צו

אים מיט בריוו ווי צו זייער לערער און פירער.

דאָן יצחק אַברבנאַל איז געווען אַן אריינגייער אין קיניגלעכן הויף נאָך ווען זיין פאָטער האָט געלעבט. הויף־דאָקטוירים און מי־ניסטאָרן זיינען דאָרטן געוואָרן זיינע נאָענטסטע פריינד. דער קיניג אַליין האָט אים זייער ליב געהאַט און נִיט איין מאָל מיט אויפמערק־זאַמקייט זיך צוגעהערט צו זיינע קלוגע רייד.

ווען יהודה אַברבנאַל איז געשטאָרבן האָט דער קיניג אים באַלד געשיקט רופן, אַז ער זאָל פאַרנעמען זיין פאָטערס שטעל.

— יצחק אַברבנאַל — האָט דער קיניג זיך געווענדט צו אים — איך קען דיך פון דיין יוגנט אָן און איך ווייס, אַז דו ביסט ווערט צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דיין גוטן און ערלעכן פאָטער. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין נִיט נאָר מיין פינאַנץ־מיניסטער נאָר אויך מיין נאָ־ענטסטער ראַטגעבער.

יצחק אַברבנאַל איז פון די רייד שטאַרק גערירט געוואָרן. זיינע אויגן זיינען פייכט געוואָרן ווען דער קיניג האָט דערמאָנט זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. ער האָט קלאָר פאַרויסגעזען, אַז אין קי־ניגלעכן דינסט וועט ער אַזוי גיך נִיט קענען פאַרווירקלעכן זיין חלום אַנצושרייבן אַ בוך וועגן תנך. פון דעסטוועגן האָט ער באַלד אָנגע־נומען אַ באַשלוס.

— מיין האַר, מיין קיניג — האָט ער זיך פאַרנייגט און געענט־פערט — איך בין גרייט געטריי צו דינען דער קרוין און דעם לאַנד, וואָס האָט מיין זיידן און אַ סך פון מיינע פאַרפאָלגטע ברידער גע־געבן דאָס רעכט צו לעבן אין פרייהייט מיט מענטשן גלייך. איך וועל בעטן גאָט, אַז ער זאָל מיר העלפן, ווי ער האָט געהאָלפן יוספן, ווען ער האָט זיך געשטעלט פאַר פרעהן, כדי איך זאָל נִיט פאַרשע־מען מיין פאָטער און מיין זיידן.

דאָן יצחק אַברבנאַל האָט הייליק אָפּגעהיט דעם צוטרוי, וואָס דער קיניג האָט אים געשענקט און ער האָט אים געטריי גע־דינט. אין רייכע פּאַלאַצן און אין אָרעמע שטיבלעך האָט מען גע־רעדט וועגן זיין ערלעכקייט און וועגן זיין גוטהאַרציקייט און מען האָט אומעטום דערמאָנט זיין נאָמען מיט אַכטונג און מיט ליב־

שאפט. ער האָט פון זיינע אייגענע געלט געהאָלפן אַ סך אָרעמע און מיט זיין חכמה ניט איין מאָל זיך איינגעשטעלט פאַר יידן אין די אַרומיקע לענדער און זיי אָפּגעראַטעוועט פון פאַרשיידענע בילבולים און גזירות.

גאָר אַ סך געלט האָט אברבנאל אויסגעגעבן אויף אויסצו־לייזן יידישע געפאַנגענע. אויף זיינע רייזעס האָט ער אַ סך צייט פאַרבראַכט אין די מאַרקפּלעצער, וואו מען האָט געהאַנדלט מיט מענטשן ווי מיט בהמות, און ער האָט דאָרט אויסגעקויפט אַלע יידישע שקלאַפן און זיי געלאָזט פריי. מען האָט אים אין די מאַרק־פּלעצער פאַר שקלאַפן שוין גוט געקענט און ווי נאָר מען האָט אים דאָרטן דערזען איז דער ווערט פון יידישע געפאַנגענע געשטיגן, אָבער אברבנאל האָט פאַר יעדן פרייז אויסגעלייזט די יידן.

דאָן יצחק אברבנאל האָט אַלע מאָל די אָפּגעריסענע, אויסגע־הונגערטע געפאַנגענע באַזאָרגט מיט קליידער, מיט עסנווארג און מיט היימען. ער האָט געזאָרגט פאַר זיי ווי פאַר זיינע אייגענע קינ־דער און ער האָט זיי פון זיין אייגענער קעשענע אַזוי לאַנג אויסגע־האַלטן ביז זיי האָבן אַליין געקענט פאַרדינען אויף ברויט.

יאָרן זיינען אַוועק. אין דעם זעלבן הויז, וואו דאָן יצחק אבאַר־בנאל איז געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן, זיינען אויך געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן זיינע פיר קינדער, דריי זין און איין טאָכ־טער. זיין ליבע און שטילע פרוי, מיט וועמען ער האָט חתונה גע־האַט, ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, האָט מיט מוטערלעכער זאָרג דערצויגן די קינדער, אַז זיי זאָלן גיין אין די וועגן פון זייער פאָטער און פון זייערע זיידעס.

כאָטש אברבנאל איז געווען פאַרנומען מיט די זאָרג פון דעם קיניג פון פּאָרטוגאַל, האָט ער אָבער שטענדיק געפונען גענוג צייט פאַר זיינע קינדער. ער האָט פאַר זיי אויסגעזוכט די בעסטע לערערס און אויך אַליין מיט זיי געלערנט.

זיינע עלטערע צוויי זין, יהודה און יוסף, האָט ער אָפּגעגעבן צו לערנען די וויסנשאַפט פון היילן קראַנקע. זיין יינגסטן זון שמואל האָט ער געלערנט תורה און מסחר. ווען שמואל איז געווען פריי פון

לערנען האָט ער אים מיטגענומען אויף זיינע רייזעס און אויך אין קיניגלעכן הויף אריין.

— דער קיניג וועט באַלד דאַרפן אַ נייעם פינאַנץ־מיניסטער — האָט ער אָפּט מאָל צו אים געשפּאַסט ווען ער האָט אים גענומען מיט זיך אין קיניגלעכן הויף אריין.

## די זון שיינט אויף און זי פאַרגייט

דער קיניג פון פּאָרטוגאַל, אַלפאָנס דער פינפטער, האָט שוין אָבער קיין נייעם פינאַנץ־מיניסטער ניט געדאַרפט. נאָך אַ שווערער מלחמה, וואָס ער האָט געפירט קעגן קאַסטיליע און זי פאַרלוירן, איז ער פון האַרצווייטיק געשטאָרבן און זיין יונגער זון זשואַן דער צווייטער האָט איבערגענומען די הערשאַפט איבערן לאַנד.

אַברבנאַל האָט אין דעם קיניג פאַרלוירן אַן איבערגעגעבע־נעם פריינד און ער האָט נאָך אים שטאַרק געטרויערט. ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף אויך ווייטער בלייבן אין קיניגלעכן הויף, לעבן דעם קיניגס יונגן זון, וועמען ער האָט נאָך געקענט פון דער צייט ווען ער איז אַ קינד געווען.

עס האָט טאַקע ניט געדויערט לאַנג און דער יונגער קיניג האָט באַפוילן אַברבנאַלן, אַז ער זאָל באַלד קומען אין הויף אַריין, ווייל ער דאַרף אים נייטיק האָבן. דאָן יצחק אַברבנאַל האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פון אַ ווייטער רייזע, ווען דער שליח פון דעם יונגן קיניג איז געקומען. און כאָטש ער האָט זיך נאָך אפילו ניט רעכט געהאַט אויסגערוט פון וועג האָט ער באַלד געהייסן אָנ־זאָטלען זיין פערד.

— דו וועסט פאָרן מאָרגן. עס איז דאָך שוין באַלד נאַכט. רו זיך אויס צו ערשט — האָט די פרוי זיינע ביי אים זיך געבעטן.

— און עס וואָלקנט זיך אויך אָט דאָרט אין יענער זייט — האָט דער אַלטער דינער צוגעגעבן.

— דערצייל אונדז צו ערשט וועגן דער רייזע — האָבן די קינ־דער אים אַרומגערינגלט.

אָבער אַברבנאַל איז שוין געווען אָנגעטאָן אין זיין רייזע־מאַנטל און זיי קורץ געענטפערט: דער קיניג רופט.

זיין הויזגעזינט האָט גוט פאַרשטאַנען דעם ענטפער. זיי האָבן שוין פון פריער געוואוסט, אַז קיין זאַך קען אים ניט צוריקהאַלטן פון זיין אַרבעט פאַרן קיניג. זיי האָבן זיך מיט אים אָפּגעזעגנט און אים אַרויסבאַגלייט ביז צום טויער.

דאָן יצחק אַברבנאל האָט געריטן דורך די גאַסן פון ליסבאָן, וואו קינד און קייט האָבן אים געקענט און וואו אַלע האָבן אים מיט אַכטונג געגריסט פון די פענצטער און פון די באַלקאָנען. ער האָט ליב געהאַט די שיינע היימשטאָט זיינע, וואו ער איז געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן, און ווען ער איז געווען אונטער וועגנס האָט ער נאָך איר שטאַרק געבענקט. ער האָט זיך איצט געפילט גליקלעך, וואָס ער איז ווידער אין דער היים און וואָס ער פאָרט ווידער מיט דעם באַקאַנטן וועג צום קיניג אין פּאַלאַץ אַריין. ווען ער איז אַרויסגעריטן פון שטאָט און זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ שמאָלן פעלדוועג צווישן ווייגערטענער זיינען זיינע געדאַנקען פאַרנומען געוואָרן פון די נייע פּלענער, וואָס ער פירט צו דעם יונגן קיניג. פּלענער ווי אַזוי צו העלפן דעם פאָלק וואָס איז דורכן קריג פאַראָרעמט געוואָרן.

„די זון שיינט אויף און זי פאַרגייט" — האָט ערגעץ פון די פעלדער צו אים זיך דערטראָגן אַ געזאַנג און אים אויפגעוועקט פון טראַכטן. אַברבנאל האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער פאַרנאַכטיקער זון, וואָס האָט זיך גענומען ציען צום זוים פון הימל און אין גוטן מוט נאָכגעזונגען די ווערטער: די זון שיינט אויף און זי פאַרגייט.

פּלוצעם איז פאַר זיינע אויגן ווי אויסגעוואַקסן אַ רייטער און אים פאַרצאַמט דעם שמאָלן וועג. דער רייטער איז אין גאַנצן געווען איינגעהילט אין אַ שוואַרצן מאַנטל, פון וועלכן עס האָבן בלויז צוויי אויגן אַרויסגעקוקט. ער האָט אַברבנאלן גיך אַריינגעשטופּט אַ בריוו אין האַנט און באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן. אַברבנאל האָט געעפנט דעם בריוו און גענומען לייענען:

דאָן יצחק אַברבנאל זיי וויסן, אַז דער קיניג זשואַן דער צווייטער האָט אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע שולד פון דער פאַרלוירענער מלחמה אויף די נאָענטסטע ראַטגעבערס און פריינד פון זיין

פאַטער. ער קלאָגט זיי אַלע אָן אַלס פאַררעטער, און ער הרגעט זיי אוים שטילערהייט. אויך אויף דיר וואַרט דאָרט ביים קיניג דער טויט.

אַבּרבּנאל איז אַ צעטומלטער געבליבן שטיין און געקוקט אויף דער אומבאַקאַנטער שריפט ווי אויף אַ רעטעניש. ער האָט אָבער באַלד דערפון זיך אויסגעלאַכט. — ניין, עס קען ניט זיין. דער קי־ניג וואָס איז אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן, קען אים צו גוט און ער וועט אים אין פאַרראַט ניט באַשולדיקן האָט ער געטראַכט און אַ טרייב געטאָן דאָס פערד.

ער איז אָפּגעפאָרן אַ שטיק וועג און ווידער האָט אים אַ רייטער איבערגעגומען. דאָס מאָל איז עס געווען אַ הויזפריינד פון אַבּרבּנאלס יוגנט־חבר, פון דעם הערצאָג פערנאַנדאָ.

— וואוהין פירט דיין וועג? — האָט אַבּרבּנאל אים באַגריסט.

— צו דיר, דאָן יצחק אַבּרבּנאל — האָט דער רייטער געענט־פערט — שטעל זיך ניט פאַרן קיניג, ווייל דו וועסט פון זיין בלוטיקן הויף ניט ארויסקומען מער קיין לעבעדיקער. דער אורטייל, אַז דיין גאַנץ פאַרמעגן זאָל צוגענומען ווערן אין דער קיניגלעכער שאַצקאַ־מער און אַז דו זאָלסט שטאַרבן מיט דעם שענדלעכן טויט פון אַ פאַררעטער — איז שוין אונטערגעשריבן.

— אָבער ווי איז עס מיגלעך? — איז אַבּרבּנאַל געוואָרן אויסער זיך — איך וועל צופאָרן צו מיין געטרייען פריינד דעם הערצאָג און מיט אים ריידן.

— דיין פריינד, דער הערצאָג פערנאַנדאָ איז טויט. דער קיניג האָט אים פונקט ווי דיך געשיקט רופן און אים באַלד געהייסן אומ־ברענגען — האָט דעם הערצאָגס הויזפריינד מיט געוויין אין זיין קול אים אָנגעזאָגט די טרויעריקע נייס — פאַרליר ניט קיין מינוט. אַנטלויף שוין פון פּאָרטוגאַל און ראַטעווע דאָס לעבן — האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט אַבּרבּנאלן און אוועק צוריק מיט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן ער איז געקומען.

— אָ, גאָט, פאַרלאָז מיך ניט! — האָט אַבּרבּנאל אַרויסגערעדט און אין גאַלאָפּ זיך אַוועקגעלאָזט מיט די פעלדער.

אין שפּעטער נאַכט האָט דאָן יצחק אַבּרבּנאל געַרוט אין פעלד, אונטער אַן אויסגעשטערנטן הימל, דעם קאָפּ אָנגעלענט אָן אַ שטיין. ער האָט געוואוסט, אַז סאָלדאַטן יאָגן זיך אָרום אויף די וועגן מיט דעם באַפעל פון דעם קיניג אים צו ברענגען לעבעדיק אָדער טויט. ער האָט זיך קלאָר פאָרגעשטעלט ווי צעשראָקן זיין פאַמיליע וועט זיין ווען די וועכטער פון קיניג וועלן באַפאַלן זיין הויז און אוועק־רויבן זיין פאַרמעגן. ער האָט אָבער רואיק אָנגענומען זיין גורל.

אַבּרבּנאל האָט פאַרמאַכט די מידע אויגן און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר אַ קליין יינגל און אַז ער זיצט מיט זיין טאַטן אין גאָרטן. דער טאַטע דערציילט אים וועגן זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, ווי אַזוי זיי זיינען פאַרפאָלגטע פון פיינד. ניט איין מאָל געשלאָפן אויפן פרייען פעלד.

אַז דער מאָרגנשטערן האָט זיך באַוויזן האָט אַבּרבּנאל זיך אויפגעהויבן פון זיין האַרטן געלעגער און מיט באַנייטן מוט זיך אוועקגעלאָזט צו די גרענעצן פון שפּאַניע.

## אין שפּאַניע

ווען דאָן יצחק אַבּרבּנאל האָט באַטראָטן די שפּאַנישע ערד, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צו דעם קיניג פון פּאָרטוגאַל. עס איז אים געגאַנגען אין לעבן רייבּצואַוואַשן פון דעם שענדלעכן בילבול זיך אַליין און דעם הערצאָג, זיין פריינד, וואָס מען האָט אים אומ־שולדיקערהייט אומגעבראַכט. אין רירנדיקע ווערטער האָט ער קלאָר אויפגעוויזן ווי געטריי און ערלעך דער הערצאָג און ער זיינען געווען צום לאַנד. אַבּרבּנאל האָט געהאַט אַ סך גלויבן אין מענטשן. ער האָט געהאָפט, אַז דער קיניג וועט איינזען ווי אומ־גערעכט ער איז געווען צו אים און ער וועט אים דערלויבן זיך אומ־צוקערן אַהיים צו זיין פאַמיליע, צו זיין לאַנד און צו די יידן פון פּאָרטוגאַל, וואָס זיינען דאָרט אָן אים געבליבן ווי פאַריתומטע. מיט אומגעדולד האָט ער געוואַרט אויף אַן ענטפער. אָבער דער בריוו האָט דעם יונגן קיניג ניט גערירט. אַנשטאָט אַן ענטפער איז פון פּאָרטוגאַל צו אַבּרבּנאלן אָנגעקומען זיין פאַמיליע אַ באַרויבטע און אַ דערנידעריקטע.

אברבנאל האָט מיט זיין פאַמיליע זיך באַזעצט אין דער שטאָט טאָלעדאָ.

מיט גרויס כבוד האָבן די יידן פון שפּאַניע אויפגענומען דעם יידישן פירער, וואָס זיין נאָמען איז זיי נאָך פון פריער געווען גוט באַקאַנט. עס האָבן זיך אַרום אים אַנגעהויבן קלייבן געלערנטע לייט, עס זיינען צו אים געקומען אַ סך פריינד און פאַרערערס און זיי האָבן זיך אַלע באַמיט ער זאָל פאַרגעסן, אַז ער איז אין דער פרעמד.

אברבנאל האָט מיט גרויס חשק זיך איצט ווידער גענומען אַרבעטן אויף זיין לעבנסווערק, אויף דער אויסטייטשונג פון תנך. ער האָט זיך פאַרטיפט אין לערנען און ער האָט איצט מיט דער פען, זיך געשטעלט אין דינסט פון זיין פאָלק. ער האָט מיט זיין וואָרט געמונטערט יידן, זיך פעסט צו האַלטן ביים גלויבן.

טרויעריק איז געווען דאָס לעבן פון די יידן אין שפּאַניע ווען אברבנאל איז צו זיי געקומען און זיין וואָרט איז פאַר זיי געווען ווי אַ לייכטטורעם פאַר זעגלערס אויף אַ שטורעמדיקן ים.

די דינער פון דער קאַטוילישער קירך זיינען וואָס אַ מאָל פאַר־ ביסענער געוואָרן קעגן די יידן, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט שמדן. מע האָט אין נאָמען פון קריסטענטום אַלע מאָל איינגעפירט נייע גע־ זעצן קעגן זיי. מען האָט יידישע סוחרים ניט צוגעלאָזט צו די מאַרק־ פלעצער, מע האָט פון יידישע רעגירונגס־באַאַמטע אין מיטן גאַס אַראָפּגעריסן די קיניגלעכע קליידער און זיי פאַרטריבן פון זייערע שטעלעס. אויף די גרעסטע יידישע דאָקטוירים האָט מען אויסגע־ טראַכט בילבולים, אַז זיי טראָגן סם אונטער זייערע נעגל און מע האָט זיי פאַרבאָטן צו היילן קריסטלעכע קראַנקע. דאָס לאַנד איז פול געוואָרן מיט רויבערס און מערדערס, וואָס האָבן פון אַלע זייטן געלויערט אויף די יידן.

די גלחים פלעגן אין יענער צייט איבער גוואַלד כאַפּן יידישע קינדער און זיי אָפּשמדן. די צאָל פון די נייע „קריסטן" איז גע־ וואַקסן און די גלחים האָבן זיך געפרייט.

ווי אַנטוישט און אויפגעבראַכט זיינען זיי אָבער געוואָרן ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז די טויזנטער נייע „קריסטן" פירן אַ

טאפּלט לעבן, אַז כאָטש זיי גייען אין קירך אַריין פירן זיי זיך אין זייערע היימען ווי פרומע יידן.

— מיט גליענדיקע צוואַנגען וועלן מיר פון אייערע הערצער אַרויסרייסן דעם אַלטן גלויבן, פאַרשאַלטענע וואָס איר זייט! מיר וועלן אייך פאַר אייער איינגעשפּאַרטקייט שווער באַשטראָפן, — האָבן די פאַנאַטישע קירכן־דינער געקריצט מיט די ציין און זיך גע־בייזערט. זיי האָבן די נייע קריסטן געשטעמפּלט מיט דעם צונאָ־מען מאַראַנען, וואָס דאָס מיינט פאַרשאָלטענע.

די נייע קריסטן האָבן אָבער מיט דעם נייעם צונאָמען זיך ניט געשעמט און פאַר דער וואָרנונג האָבן זיי זיך ניט איבערגעשראָקן. פאַרקערט, די יידישע געזעצן און מינהגים זיינען זיי וואָס אַ מאָל טייערער געוואָרן און זיי האָבן אין די קעלערן און אין אַנדערע באַ־העלטענישן זיי הייליק אָפּגעהיט.

די גלחים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זייער מי פון יאָרן איז אין גאַנצן געווען אומזיסט און זיי האָבן ניט גערוט ביז זיי זיינען געקו־מען אויף אַ נייעם פּלאַן.

די הערשערס פון שפּאַניע זיינען דעמאָלט געווען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ. דאָס קיניגלעכע פּאָר איז געווען זייער פרום און זייער גערירק נאָך רייכקייט. די קיניגין איזאַבעלאַ האָט מען דער־צויגן אין אַ קלויסטער. איר דערציער איז געווען דער פאַנאַטישער גלח טאָרקוועמאַדאַ. זי האָט יאָרן לאַנג געטראָגן דאָס פּשוטע קלויסטער־קלייד. פון קליינווייז אויף האָט מען זי געלערנט, אַז אַ מענטש דאַרף זיך פירן איינפאַך. ווען זי איז געוואָרן אַ קיניגין — האָט זי ליב געהאַט זיך צו פּוצן אין די טייערסטע קליידער און גע־וואָלט האָבן וואָס מער צירונג. פאָרמעגלעכע לייט, וואָס פלעגן אַריינקומען אין קיניגלעכן הויף, האָבן איר געבראַכט די טייערסטע פּערל און דימענטן. אַ רייכער מאַראַן האָט איר געשענקט אַ זעל־טענעם האַלדזבאַנד, וואָס איז ווערט געווען צענדליגער טויזנטער דוקאַטן, אָבער איר ליידנשאַפט צו באַקומען נאָך און נאָך האָט זיך ביי איר ניט איינגעשטילט.

די גלחים האָבן גוט געקענט די געלטגעריקייט פון די הערשערס

און זיי האָבן מיט זייער הילף אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש פון דעם פּויפּסט אין רוים אויף איינצופירן אין שפּאַניע אַ קירכן־גע־ריכט, אַן אינקוויזיציע אויף צו באַשטראָפן אַלע קריסטן, וואָס זיינען ניט געווען פרום.

— די רייכסטע פון לאַנד טראָגן דעם צלם און לעסטערן אים. זיי מוזן שווער באַשטראָפט ווערן און זייערע פאַרמעגנס מוזן צו־גענומען ווערן אין די קיניגלעכע שאַצקאַמערן. — האָבן זיי גע־האַלטן אין איין ריידן פאַר דעם קיניגלעכן פּאָר און גאָטספאָרכטיק געפינטלט מיט די אויגן.

דאָס גרויסע עשירות פון די מאַראַנען האָט גערייצט פערדי־נאַנדן און איזאַבעלאַן און זיי האָבן מיטגעהאָלפן, אַז מע זאָל וואָס גיכער איינפירן דאָס הייליקע געריכט.

מיט גרויס פּאַראַד האָט מען אין דעם יאָר 1481 אָנגעצונדן אין שפּאַניע דאָס ערשטע פייער פון דער אינקוויזיציע אויף צו פאַרברענען די ניט־גלייביקע. קריסטלעכע גלחים זיינען געוואָרן אַזוי ווי די פאַרצייטיקע געצנדינערישע פּריסטערס, וואָס פלעגן ברענגען לעבעדיקע מענטשן פאַר קרבנות צו זייערע געטער.

די גלחים צוזאַמען מיט פאַנאַטישע קאַטאָליקן האָבן ווי יעגער מיט שפּירהינט זיך אַרויסגעלאָזט כאַפּן מאַראַנען. מיט טויזנט אויגן האָט מען יעדן איינעם גענומען היטן און נאָכשפּיאָנירן.

— הייליקער פאָטער, איך האָב נעכטן געזען ווי מיין מייסטער האָט זיך פאַר נאַכט אָוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום מזרח און דאַכט זיך אַז זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט.

— ביי מיינע שכנים איז דעם שבת ניט געגאַנגען קיין רויך פון קוימען. ניט אַנדערש נאָר זיי היטן אָפּ דעם יידישן רוטאָג! — האָט מען יעדע קלייניקייט וועגן די נייע קריסטן גיך אָפּגעטראָגן צו די גלחים. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט האָט מען די מאַ־ראַנען פאַרשלעפּט אין די אונטערערדישע טיפע געפענגענישן פון דער אינקוויזיציע פון וואַנען עס איז זעלטן ווער צוריקגעקומען.

מיט דער צייט איז דער קיניגינס לערער, דער הייליקער טאָרק־וועמאַדאַ, געוואָרן דער הויפּט־אינקוויזיטאָר פון דעם קירכלעכן גע־

ריכט און ער האָט צוגעטראַכט די גרויזאַמסטע מאַטערנישן פֿאַר די באַשולדיקטע. זיין נאָמען האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אפילו אויף קריסטן. די מאַראַנען זיינען געלאָפן וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די בערג, אין טיפע היילן און אין דער געדיכטעניש פון וועלדער. די ווילדע חיות פון וואַלד האָבן זיי ווייניקער געשראָקן ווי די בלוטיקע נעגל פון דעם אינקוויזיטאָר.

אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן מאָנאַכן-קלייד, אין איין האַנט אַ גרויסן צלם און אין דער אַנדערער אַן אָנגעצונדן וועקסן ליכט, איז ער געכט גאַנצע אַרומגעגאַנגען אין די טיפע פינצטערע קעלערן פון דער אינקוויזיציע און צוגעקוקט ווי די אומגליקלעכע ווערן געמאַטערט. ער האָט גערן פאַרנומען דאָס קרעכצן פון די געפייניקטע און ער האָט ליב געהאַט צו שמעקן דאָס בלוט, וואָס האָט געטריפט פון זייערע לייבער.

— מיר ווילן ראַטעווען אייערע נשמות. — האָט ער מיט וויל־דער הנאה געקייכט און זיינע אויגן האָבן זיך געצונדן ווי ביי אַ וואָלף, וואָס האַלט זיין לעבעדיקן קרבן צווישן די ציין. — קושט דעם צלם! — האָט ער גערעדט צו די פאַרבלוטיקטע, וואָס האָבן פון אונטער די טאָרטור־רעדער און פון אונטער די צעגליטע אייזנס, שוועבנדיק צווישן לעבן און טויט, מיט פאַראַכטונג אים געקוקט גלייך אין פנים אַריין.

— פופצן טויזנט מאַראַנען זיינען שוין פאַרשפאַרט אין די געפענגענישן, דריי הונדערט ניט־גלייביקע האָט מען שוין פאַרברענט לעבעדיקערהייט, זיינען געקומען באַריכטן אין קיניגלעכן הויף אַריין. און דאָס קיניגלעכע פּאָר האָט מיט רעליגיעזן פייער אין זייערע אויגן געציילט דאָס גאָלד, וואָס מע האָט צוגערויבט ביי די פאַרמשפּטע.

## דאָן יצחק אַברבנאַל אין קיניגלעכן הויף

דאָן יצחק אַברבנאַל האָט מער נישט געקענט רואיק זיצן און שרייבן זיינע ביכער. הילפלאָזע און פאַרפאָלגטע האָבן וואָס אַ מאָל אַלץ מער אָנגעהויבן קומען צו זיין טיר.

— באַשיץ אונדז, זיי האָבן אויסגעטראַכט אויף אונדז, אַז מיר

האָבן געקוילעט אַ קריסטלעך קינד אויף צו באַנוצן זיין בלוט פֿאַר מצות! העלף אונדז, מיר זיינען מאַראַנען, מיר ווילן לערנען אונד־זערע קינדער יידישקייט און קענען ניט, ווייל די מערדערס היטן אונדז פון אַלע זייטן! העלף אונדז, באַשיץ אונדז! — האָבן אום־גליקלעכע געשטערקט צו אים די הענט מיט געבעט.

די פֿייערן פון דער אינקוויזיציע האָבן ביי אים געגרויבט דעם שלאָף.

אַפילו ביי נאַכט זעט ער ווי עס ציט זיך די לאַנגע פּראָצעסיע דורך די אויסגעפוצטע גאַסן פון שטאָט. פאָרויס גייען די פֿאַר־מישפטע. זיי זייענען באָרוועס, אָבער זייער טראָט איז פעסט. זייערע פנימער זיינען אויסגעמאָגערט און בלאַס, אָבער זייערע אויגן לייכטן מיט זיכערקייט. זייערע ליפּן באַוועגן זיך שטיל און כאָטש עס באַגלייט זיי דאָס געזאַנג פון אַ קירכן־כאָר דוכט זיך אים, אַז ער הערט דעם וואונדערלעכן קלאַנג פון די ווערטער: — „און אַז איך וועל אַפילו גיין אין טאָל פון טויט וועל איך ניט מורא האָבן פאַר קיין שלעכטס, ווייל דו, גאָט, ביסט מיט מיר”.

אָנגעטאָן זיינען די פאַראורטיילטע מאַראַנען אין מאַנטלען, גע־מאַכט פון געלער זאַק־לייוונט. אויף די מאַנטלען זיינען אויסגע־מאָלט רויטע צלמים און משונהדיקע טייוואָלים, אַרומגענומענע פון פֿלאַמען. דערפאַר זיינען אָבער זייערע באַגלייטערס, די גלחים, אויסגעפוצט אין פאַרביקע קליידער און אין שוואַרצע מאַנטלען. זיי טראָגן צלמים, פאָנען, לאַנגע ברענענדיקע ליכט און זייערע פנימער שיינען מיט דער פרייד פון ניצחון. אַ גרויסער עולם שטראָמט פון אַלע זייטן און באַגלייט די פּראָצעסיע מיט ווילדע קולות ביז צום שייטער־הויפן. פון אַן אויפגעשטעלטער פלאַטפאָרם רעדט דאָרטן אַ גלח וועגן דער מענטשנליבע פון דער קריסטלעכער רעליגיע און אַלע הערן זיך צו. צום לעצטן מאָל ווענדט זיך דער גלח צו די פֿאַר־מישפטע, אַז זיי זאָלן כאָטש פאַרן טויט ראַטעווען זייערע נשמות און זיך אָפּזאָגן פון דעם יידישן גלויבן. ער וואַרט אויף אַן ענטפער און מיט אים וואַרט געשפאַנט דער גאַנצער עולם. אָבער די מאַראַ־נען הערן אים אַפילו ניט. זיי זינגען איצט אוים מיט גרוים דער־

הייבנקייט זייער לעצט געזאַנג צו גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב. אַ ריכטער, אַנגעטאָן אין קיניגלעכע קליידער, לייענט אויפן קול דעם אורטייל און דאָס פייער הייבט אָן אַרויסשלאָגן פון שייטער־הויפן מיט אַ העלער רויטקייט. מיט געזאַנג און מיט געהויבענע קעפּ גייען די פֿאַרמישפּטע אין פייער אַריין און די פלאַמען הילן זיי איין. דאָס פייער צעפלאַקערט זיך שטאַרקער, הייבט זיך וואָס אַ מאָל העכער און דונערט פון זיך אַרויס די ווערטער „שמע ישראל״!

— אין פייער אַריין מיט אַלע ניט־גלייביקע! — זאָלן זיי ברע־נען! — הערן זיך געשרייען פון אַלע זייטן. אָבער אַנדערע פון צווישן עולם צלמען זיך און מורמלען אין דער שטיל: זיי ברענען אוים אַ שאַנדפלעק אויף אונדזער רעליגיע, פאַרגיב זיי, האַר אין הימל, ווייל זיי וויסן ניט וואָס זיי טוען.

דאָס פייער האָט פאַרשלונגען די מוטיקע מאַראַנען, אָבער אַברבנאַלן דוכט זיך, אַז זיי האָבן, איינגעוויקלטע, אין פלאַמען, אַוועקגעשפּאַנט איבער די קעפּ פון דעם גרויסן עולם. — אייביק איז דער, וואָס קען אַזוי שטאַרבן פאַר זיין גלויבן! — האָט ער דערביי געטראַכט.

דאָן יצחק אַברבנאַל האָט ניט איין מאָל אין מיטן נאַכט זיך אויפגעהויבן פון געלעגער און ווי אַ געפאַנגענער לייב אַרומגע־שפּאַנט איבערן צימער. ער האָט געוואָלט אַלעמען העלפן. אַלעמען באַשיצן, אָבער קעגן דעם ווילדן טאָרקוועמאַדאַ איז ער געווען מאַכטלאָז. אין די שלאָפלאָזע נעכט האָט ער ניט איין מאָל געטראַכט מיט בענקשאַפט פון יענער גליקלעכער צייט, ווען ער האָט געלעבט אין פּאָרטוגאַל און געהאַט אַ סך מאַכט ביי דעם דאָרטיקן קיניג.

אָבער אַ נייע ליכט פון האָפענונג איז פאַר אים אויפגעגאַנגען. אין פרילינג פון דעם יאָר 1484 האָבן פערדינאַנד און איזאַבעלאַ צו אים געשיקט אַ שליח און אים געבעטן צו קומען זיך שטעלן אין קיניגלעכן דינסט.

אַברבנאַל האָט גראָד אין יענער צייט אָנגעהויבן שרייבן אַ בוך וועגן די פאַרפאָלגונגען אויף יידן אין פאַרשיידענע צייטן און כאָטש עס איז אים ניט אַזוי לייכט געווען איבערצולאָזן די אַרבעט אין

מיטן, האָט ער אָבער באַשלאָסן גלייך צו גיין אין קיניגלעכן הויף אַריין.

— אין יעדן מענטשן איז דאָ עפּעס גוטס פאַרבאָרגן. איך מוז איצט גיין זוכן דאָס גוטע ביי די הערשערס פון שפּאַניע. אפשר וועל איך מיט מיין דינסט פאַרן לאַנד ביי זיי אויפוועקן רחמנות צו די געפּייניקטע. אפשר וועל איך קענען אָפּשרייען גזירות קעגן אונ־זערע ברידער— האָט ער גערעדט צו זיין פאַמיליע און צו זיינע פריינד און זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין.

אַברבנאלס הויכער שטערן, זיינע לויטערע קלוגע אויגן, זיין ברייטע טונקל־גרויע באָרד, זיין שטאָלצער גאַנג און זיין גאַנצער פאַרנעם האָט ביי דעם קיניגלעכן פּאָר אַרויסגערופן גרויס אַכטונג צו אים און זיי האָבן אים אויפגענומען ווי אַ נאָבלמאַן.

— מיר האָבן אין אונדזער לאַנד אָפט געהערט דערמאָנען דעם נאָמען אַברבנאל מיט אַ סך ליוב — האָט די קיניגן צו אים גערעדט אין אַ פריינדלעכן טאָן.

— אונדזער לאַנד נייטיקט זיך אין געלערנטע און אין פאַר־שטאַנדיקע מלוכה־לייט — האָט דער קיניג זיך געווענדט צו אים.

פון דער וואַרעמער אויפנאַמע האָט זיך אַברבנאל באַלד דער־פילט היימיש. עפּעס האָט ער זיך איצט ווי ניט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס קיניגלעכע פּאָר, וואָס רעדט צו אים ,דעם יידן, אַזוי מילד און אַזוי פריינדלעך, שרייבט אונטער די אַלע גרויזאַמע אורטיילן פון דער אינקוויזיציע. ער האָט צו ערשט זיי באַדאַנקט פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט וואָס מע האָט אים אַרויסגעוויזן אין שפּאַניע און זיי דערנאָך געלאָזט וויסן, אַז ער איז גרייט צו דינען.

— איך האָב זיך אומגעקערט צו דער ערד, וואו עס רוט דאָס געביין פון אַ סך דורות פון מיינע עלטער־זיידעס און איך וועל זיך באַמיען מיט מיין דינסט צו דער קרוין ווערט צו זיין צו קענען אָנרופן דאָס לאַנד שפּאַניע אויך מיין היים. איך ווייס אַז די לאַנ־גע מלחמה, וואָס שפּאַניע פירט מיט די מורן פון גראַנאַדאַ, גראָבט אונטער דאָס וואוילזיין פון לאַנד. אָבער . . . און אַברבנאל האָט גלייך אָנגעהויבן פאַרלייגן פאַרשיידענע פּלענער.

דאָס קיניגלעכע פּאָר און אַלע הויפליט האָבן פאַרגאַפטע זיך צוגעהערט צו אַבּרבּנאלס קלוגע רייד און צו זיינע וויכטיקע פּלע־נער. זיי האָבן באַוואונדערט זיין חכמה און געשטוינט, וואָס ער, כמעט נאָך אַ פרעמדער אין לאַנד, איז אַזוי גוט באַקאַנט מיטן צו־שטאַנד פון דער גאַנצער שפּאַנישער מלוכה. אַפילו די גלחים ,וואָס זיינען געקומען דערמאָנען די הערשערס אָן די געזעצן, וואָס פאַר־באָטן אַ יידן צו פאַרנעמען אַ רעגירונג־שטעל, האָבן ווי פאַרלוירן דאָס לשון און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט.

## אַ נייער שטראַל פון האָפענונג

די פייערן פון דער אינקוויזיציע האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער אַ סך שטעט און זייער רויך האָט שוואַרץ געמאַכט די הימ־לען. גרויס זיינען געווען די פאַרמעגנס פון די מאַראַנען, וואָס האָבן געשטראָמט אין דער קיניגלעכער קאַסע. אָבער דאָס בלוטיקע גאָלד איז פאַר די הערשערס ניט געווען מזלדיק. עס איז פון אונטער די הענט ווי אויסגערונען געוואָרן. די מלחמה, וואָס שפּאַניע האָט יאָרן לאַנג געפירט מיט די מורן פון גראַנאַדאַ, האָט אַלץ איינגעשלונגען. די מלוכה איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אָרעמער. ערשט ווען אַבּרבּנאַל איז געוואָרן דער פינאַנץ־מיניסטער האָט דאָס לאַנד אָנגעהויבן קו־מען צו זיך.

אַבּרבּנאלס אָנזען אין קיניגלעכן הויף און ביים שפּאַנישן פאָלק איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

אין דער צייט ווען דער ווילדער טאָרקוועמאַדאַ מיט זיינע אַרויסהעלפערס האָבן מיט פאַרשיידענע בילבולים און מיט פייער און שווערד געזוכט צו דערנידעריקן דעם יידישן נאָמען, האָט אַ נייער שטראַל פון האָפענונג אַ שלאָג געטאָן צו די הערצער פון די באַטריבטע שפּאַנישע יידן און מאַראַנען:

— דאָן יצחק אַבּרבּנאַל איז געוואָרן די רעכטע האַנט פון דער קרוין!

— דער פירשט פון ישראל וועט איצט זיך קענען אָננעמען אונדזער קריוודע און ער וועט אונדז אויסלייזן פון אונדזער פיין!

— דער איידעלער פירער וועט העלפן אויסלעשן דאָס העלישע פייער, וואָס ברענט אונדזערע טריט!

— ער וועט אונדז נאָך צוריקברענגען די גאָלדענע צייטן פון אַ מאָל!

דאָס איז אויך געווען אַבּרבּנאַלס חלום. ער האָט אַלץ געטאָן צו מאַכן דאָס לאַנד רייך און שטאַרק. ער האָט געוואָלט אַז שפּאַניע זאָל ווידער אויפבּליען, אַז עס זאָל הערט, ווי אַ מאָל, ווידער הערשן פרידן און פריינדשאַפט צווישן אַלעמען, צווישן ייד און ניט־ייד.

אַ דאַנק זיין געטריישאַפט צום לאַנד, מיט זיין ערלעכקייט און מיט זיין חכמה האָט אַבּרבּנאַל גיך געקראָגן אַ סך פריינד אין קיניגלעכן הויף און אין גאַנצן לאַנד. ער האָט אַלץ מער און מער געקענט זיך איינשטעלן פאַר די יידן און פאַר אַלע פאַרפאָלגטע. שטיל אין הארצן האָט ער אויך געפּלאַנט, מיט דער צייט אויסצופירן ביי די הערשערס פון שפּאַניע און ביי דעם פויפּסט פון רוים, אַז מע זאָל פאַרלעשן די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע.

אָבער דער הויפּט־אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ, וואָס איז געווען דער קיניגלעכער הויף־גלח, איז אים אַלע מאָל געווען אין וועג. דער האַס צו די יידן האָט זיך ביי דעם פאַנאַטישן גלח נאָך מער צעברענט, ווען ער האָט געזען ווי דאָס קיניגלעכע פּאָר האָט פאַרבּויגן די געזעצן פון דער קירך און דערהויבּן אַ יידן צו אַזאַ גרויסקייט. זיינע אויגן האָבן זיך געצונדן מיט רציחה ווען ער האָט אויפן קיניגלעכן באַפעל אַ מאָל געמוזט פריי לאָזן פון זיינע פאַרבּלוטיקטע הענט אַ קרבן, אויף וועלכן ער אַליין, אָדער זיינע געטרייע דינער, האָבן אויסגעטראַכט אַ בילבול. — עס איז דעם ייד אַבּרבּנאַלס באַפעל און ניט דעם קיניגס! — האָט ער אַ בייזער געברומט.

אַבּרבּנאַל איז אים געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן. אַלע הויפליים אין קיניגלעכן פּאַלאַץ, און אַפילו די הערשערס, האָבן געקושט דעם זוים פון טאָרקוועמאַדאַס הייליקע קליידער, נאָר ניט אַבּרבּנאַל. ווען אַלע האָבן זיך פרום געבּוקט צו דעם הויף־גלח, איז זיך אַבּרבּנאַל געזעסן אַ רואיקער און גאָר דעמאָלט געטראַכט פון דעם פּאַרציי־

טיקן פרומען יידן מרדכי, דעם איינציקן מענטשן אין דעם קיניג־לעבן הויף פון דעם פערסישן מלך אחשורוש, וואָס האָט ניט געקניט און זיך ניט געבוקט פאַר דעם רשע המן. דער פאַרביסענער טאָרק־וועמאַדאַ האָט געברענט פון צאָרן, ווען ער האָט געזען די רואיקייט פון דעם יידישן פינאַנץ־מיניסטער. אָבער אַברבנאל האָט דעם ביטערן שונא פון די יידן דורכגענומען מיט זיין פעסטן בליק און צו אים שטום גערעדט: — אומזיסט איז דיין מי! צי ביסטו דען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אַנגעזעצט אויף מיין פאָלק און אויף מיין גאָט? מיין שטאַם און מיין גלויבן האָבן זיי אַלעמען איבערגעלעבט.

די יידן אין שפּאַניע האָבן אָנגעהויבן אַ ביסל פרייער אָפּצואָטעמען. אויך די מאַראַנען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן נאָענט צו די יידן, זיינען געוואָרן מוטיקער אין זייער קאַמף און זיי האָבן אפילו זיך דערוועגט צו באַפאַלן זייערע פייניקערס.

איין מאָל האָט מען טאָרקוועמאַדאַן געלאָזט וויסן, אַז מען האָט דערשטאָכן איינעם פון זיינע געטרייסטע אינקוויזיטאָרן. די נייס האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אַ גרויס שרעק, און ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט הונדערטער באַוואָפנטע באַגלייטערס. דער פייניקער פון טויזנטער איז שטענדיק געווען אַ שרעקעוודיקער, אָבער איצט האָט ער אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר זיין אייגענעם שאָטן. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן, אַז אפילו בישאָפן און גלחים לויערן אויף אים. עס איז אים פאַרגעקומען, אַז זיינע געטרייסטע ריכטערס פון דער אינקוויזיציע זיינען אַליין מאַראַנען און ער האָט אַ סך פון זיי געהייסן פאַרברענען לעבעדיקערהייט.

אַברבנאלס גרויסקייט, די מוטיקייט פון די מאַראַנען האָט אים ניט געלאָזט איינליגן אויף זיין געלעגער. ער האָט געזוכט זיך צו פאַרגעסן אין די קעלערן פון דער אינקוויזיציע און ביי די פלאַקערנדיקע שייטער־הויפנס. ער האָט ניט נאָר לעבעדיקע מענטשן געלאָזט פאַרברענען נאָר אויך אויסגעגראָבענע סקעלעטן פון שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע, ווען ער האָט באַשולדיקט, אַז זיי זיינען ביים לעבן ניט געווען גענוג פרום.

אין די קעלערן צווישן די געפייניקטע און ביי די פייערן, האָט

זיין האַרץ זיך געשטאַרקט און עס זיינען פאַר אים אויפגעגאַנגען נייע פּלענער קעגן די „ניט-גלייביקע".

## אין נאָמען פון דרייאייניקייט און אין נאָמען פון גאָלד

דער פינאַנץ-מיניסטער דאָן יצחק אַבּרבּנאל האָט אין איינע עטלעכע יאָר אויפגעריכט דאָס לאַנד און געהאָלפן שפּאַניע דערפירן די פאַרשלעפּטע מלחמה קעגן די מורן צו אַן ענדגילטיקן זיג. אָנהייב יאָר 1492 איז גראַנאַדאַ געפאַלן און דאָס שפּאַנישע פאָלק האָט מיט גרויס פרייד געפייערט דעם זיג. אויסגעפּוצטע אין זייערע קיניגלעכע קליידער, זיינען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ באַגלייט פון טאָרקוועמאַדאַ און פון אַ גאַנצער פּראַצעסיע גלחים און הויפלייט, מיט פּאַראַד אַריינגעפאָרן אין דער שיינער שטאָט גראַנאַדאַ. דאָס קיניגלעכע פּאָר איז געווען באַגייסטערט פון דעם זיג און פון דער רייכקייט, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט.

— פאַר אונדזער פרומקייט באַלוינט אונדז דער האַר אין הימל, — האָבן זיי ביידע גערעדט צו טאָרקוועמאַדאָן. זיי האָבן אין גראַנאַדאַ איבערגענומען דעם רייכן פּאַלאַץ פון דעם מורישן הערשער און דער הויף-גלח איז געקומען אים אויסשפּריצן מיט הייליקן טויפוואַסער.

— אין נאָמען פון דער דרייאייניקייט — האָט טאָרקוועמאַדאַ שטיל געמורמלט און געטראַכט, אַז איצט איז די בעסטע צייט פאַרצולייגן פאַר דעם קיניגלעכן פּאָר דעם פּלאַן, וואָס ער האָט אים שוין לאַנג פאַרטראַכט.

— מיר האָבן באַזיגט און פאַרטריבן די ניט-גלייביקע מורן — האָט ער אָנגעהויבן — אָבער שפּאַניע איז נאָך אַלץ ניט קריסטלעך. הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס האָבן געקרייציקט קריסטוסן, לעבן אין די גרענעצן פון אונדזער לאַנד אונטערן שוץ פון קריסטלעכע הערשערס. ניט גענוג, וואָס זיי זיינען איינגעשפּאַרט און ווילן ניט אָננעמען דעם צייכן פון דעם צלם, רייסן זיי נאָך אָפּ טויזנטער נייע קריסטן פון דער קירך. אין נאָמען פון דער דרייאייניקייט באַשווער איך אייך, אַז איר זאָלט אונטערשרייבן אַ באַפעל, אַז די יידן זאָלן

אַלע ווי איינער אַריינטראָגן זייער גאָלד און זייער זילבער אין דער קיניגלעכער שאַצקאַמער און אַליין זאָלן זיי פֿאַרלאָזן שפּאַניע!

— אין נאָמען פֿון דער דרייאיינִיקייט... האָבן די הערשערס זיך איבערגעצלמט... און אין נאָמען פֿון גאָלד — האָבן זיי שטיל אין האַרצן געטראַכט און גענומען צוגרייטן דעם באַפֿעל.

אַבּרבנאלס עלצטער זון יהודה, וואָס איז געווען דער הויף־דאָק־טער ביי דעם קיניגלעכן פּאָר, האָט זיך דערוואוסט פֿון דער שרעק־לעכער גזירה, נאָך איידער מע האָט זי אַרויסגעגעבן, און ער איז גיך אַוועק וועגן דעם אָנזאָגן זיין פֿאָטער. ער האָט אָבער ביי זיין פֿאָטער געטראָפֿן עטלעכע קריסטלעכע הויפֿלייט, אַבּרבנאלס נאָ־ענטע פֿריינד, וואָס זיינען שוין געקומען מיט די נייעס.

— טאָרקוועמאַדאַ האָט פֿאַרבלענדט אונדזערע הערשערס און זיי זעען ניט מער די גרויסע נוצן, וואָס די יידן ברענגען דעם לאַנד.

— דאָס געזעץ וועט ניט נאָר ברענגען אומגליק אויף די יידן, נאָר עס וועט גאַנץ שפּאַניע רואינירן — האָבן זיי גערעדט צו דעם יידישן מיניסטער און אים פֿאָרגעשלאָגן זייער הילף אָפּצושרייען די גזירה.

— עס וועט ניט זיין אונדזער ערשטער גלות — האָט אַבּרבנאל מיט אַ טרויעריקן שמייכל אויף די ליפּן גערעדט צו זיינע גוטע פֿריינד און צו זיין זון דעם הויף־דאָקטער. ער האָט גענוי זיך פֿאָר־געשטעלט ווי דער הויף־גלח האָט צערייצט די קיניגלעכע אַפּעטיטן נאָך דעם האָב־און־גוטס פֿון די שפּאַנישע יידן און ווי ער האָט פֿאַר־כישופֿט די קאַטוילישע הערשערס מיט זיינע גלאָצנדיקע אויגן און מיט זיינע פֿרומע רייד. פֿון דעסטוועגן האָט ער אַ מוטיקער זיך גע־נומען צו דער אַרבעט, ניט צו דערלאָזן, אַז מע זאָל דאָס געזעץ אַרויסגעבן.

טאָרקוועמאַדאַ האָט אָבער ניט פֿאַרלוירן קיין צייט. נאָך איידער אַבּרבנאל האָט באַוויזן צו זען דאָס קיניגלעכע פּאָר האָבן זיי שוין געהאַט דאָס געזעץ אונטערגעשריבן.

מיט אַ שאַל פֿון טרומייטן האָט מען אין איין פֿרילינגטאָג פֿון 1492 אָנגעזאָגט אומעטום דעם באַפֿעל: אין נאָמען פֿון קיניג און

אין נאָמען פון דער קיניגין ווערט באַפוילן אַלע יידן פון שפּאַניע — אָדער אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן אָדער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין פיר חדשים צייט. די וואָס וועלן דעם באַפעל ניט פאָלגן וועלן באַשטראָפט ווערן מיטן טויט.

די ניים איז ווי אַ דונער פּלוצעם אַראָפּ אויף די קעפּ פון די שפּאַנישע יידן.

— מירן מוזן פאַרלאָזן דאָס פאָטערלאַנד? פאַר וואָס?

— איבערלאָזן מיין היים און מיין גאָרטן, וואָס איך האָב גע־ירשנט פון מיינע עלטער־זיידעס? ווי איז עס דען מיגלעך? — האָבן זיי צעטומלטע איינער צום אַנדערן גערעדט און עפּעס ווי ניט גע־גלייבט זייערע אויערן, וואָס האָבן געהערט אויסרופן די נייע גזירה.

— אונדזער וועגווייזער און אונדזער פירער, וואָס איז אַזוי נאָענט צו דער קרוין וועט עס ניט דערלאָזן — האָבן אַ סך פון זיך געטריבן די פאַרצווייפלונג און געזוכט הילף ביי אַברבנאלן.

פון אַלע עקן לאַנד, האָבן יידן זיך איצט געווענדט צו אַברבנאלן. יידישע פירערס פון פאַרשיידענע שטעט, טאַטעס, מאַמעס און קינ־דער האָבן באַלאַגערט זיין הויז און אים נאָכגעגאַנגען אין די גאַסן.

— גאָט איז אונדזער ליכט און דו ביסט אונדזער אָנשפּאַר.

— וואוהין? ווייז אונדז דעם וועג! ראַטעווע אונדזערע קינ־דער — האָבן פון אַלע זייטן צו אים זיך געטראָגן קולות, פול מיט געוויין און געבעט.

— עס דרימלט ניט און עס שלאָפט ניט דער היטער פון ישראל! וואָס קענען אונדז דען מענטשן טון ווען אונדזער גלויבן איז אונדזער פעסטונג? — האָט אַברבנאל געטרייסט און געמונטערט די יידן פון נאָענט און וווייט און מיט לייב און לעבן געוועקט דאָס געוויסן פון זיינע קריסטלעכע פריינד קעגן דעם געזעץ. ער האָט צוזאַמען מיט נאָך יידישע פירערס און רבנים אויפגעזאַמלט צווישן יידן אַ גרויס פאַרמעגן פון הונדערטער טויזנטער דוקאַטן. מיט דעם גאָלד האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צו דעם קיניגלעכן פּאָר מיט דער האָפע־נונג, אַז עס וועט זיך אים איינגעבן אויסצולייזן זיינע ברידער פון דער שרעקלעכער גזירה.

## ערגעץ ווייט וועט אַ נייע וועלט אויפגיין

אַרום דעם קיניגלעכן הויף איז שוין לאַנג ניט געווען אַזוי לע־בעדיק ווי אין יענער צייט. עס האָט דאָרטן געררוישט די פרייד פון דעם זיג איבער די מורן און מען האָט מיט שטאָלץ גערעדט וועגן די אויסגעברייטערטע גרענעצן פון דער קריסטלעכער שפּאַניע. מען האָט נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל דערציילט די נייעס, אַז דער קיניג און די קיניגין האָבן ענדלעך צוגעשטימט אַרויסצושיקן דעם גע־וואַגטן ים־פאָרער קריסטאָפער קאָלומבוס אויף אַ ווייטער רייזע צו זוכן פאַר שפּאַניע נאָך ניט אַנטדעקטע לענדער.

אַלערליי מעשׂות האָבן זיך אין יענער צייט גענומען פאַר־שפּרייטן וועגן דעם טרוימער און זוכער פון נייע וועלטן, וואָס איז פון פּאָרטוגאַל געקומען קיין שפּאַניע. מענטשן האָבן מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם דערציילט, אַז דער וואונדערלעכער מאַן איז שוין אויסגעפאָרן אַ סך אומבאַקאַנטע וואַסערן און אַז ער ווייס וואו עס ליגט פאַרבאָרגן אַ גרויסער אוצר. איצט וויל ער זיך אַרויסלאָזן ברענגען דעם אוצר קיין שפּאַניע. ער וויל רייך מאַכן דאָס שפּאַני־שע לאַנד, וואָרעם כאָטש ער איז געבוירן געוואָרן אין איטאַליע, איז אָבער שפּאַניע געווען די היים פון זיינע אור־עלטערן, וואָס זיינען געווען יידן און זיינען נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק אַריבער צום קריסטלעכן גלויבן. אָבער צוקומען צו דעם אָרט וואו דער אוצר ליגט איז ניט אַזוי לייכט. חדשים לאַנג דאַרף מען זעגלען איבער גרויסע וואַסער־בערג און איבער קאַכעדיקע ימים. מע דאַרף אויסמיידן רי־זיקע ים־חיות, וואָס ליגן ווי בערג אין די וואַסערן, און מע דאַרף פירן מלחמה מיט עקדישן און מיט באַפליגלטע גרויסע שלאַנגען.

— איך האָב געהערט, אַז ער זאָגט, אַז די גאַנצע ערד איז גאָר קיילעכדיק און פאַרשפּיצט ווי אַ באַר און אַז זי הענגט אויף גאָר־ניט און שטייט אויף גאָרניט.

— עס קען ניט זיין. אַ באַר איז אַ ביסל לייכטער און קלענער פון דער ערד און דאָך קען זי ניט בלייבן הענגען אין דער לופטן ווען זי רייסט זיך אָפּ פונעם בוים.

— ווען דאָס זאָל טאַקע זיין אמת, וואָלט איך די מענטשן אויף

דעם אונטערשטן טייל פון דער ערדענער באַר גאַרניט מקנא געווען. עס וואָלט דאָך זיי אויסגעקומען אַרומצוגיין ווי אויף אַ סטעליע, מיט די פּיס אַרויף און מיטן קאָפּ אַראָפּ, — האָבן יונג און אַלט צווישן זיך געדעדט און דערציילט און איבערדערציילט.

עטלעכע מאָל איז קאָלומבוס געקומען אין קיניגלעכן הויף אַריין. ער האָט געבראַכט מיט זיך מאָפּעס פון אומבאַקאַנטע לענדער און געבעטן, אַז מע זאָל אים אַהין אַוועקשיקן מיט שיפן, וועט ער זיי פון דאָרטן צוריקברענגען אָנגעלאָדענע מיט גאָלד. די קיניגלעכע לייט און די הערשערס האָבן אָבער ניט גענומען ערנסט זיינע פאַנטאַסטישע מעשות און אים אַלע מאָל אַוועקגעשיקט מיט גאָרניט.

אַברבנאל איז געווען איינער פון די געציילטע וואָס האָבן געגלייבט אין קאָלומבוסעס רייד. ער האָט געהאַט געלייענט אַ סך רייזע־באַשרייבונגען פון מענטשן, וואָס האָבן אַרומגעוואַנדערט איבער דער ווייטער וועלט. דערצו האָט ער אויך גוט געקענט די דאַמאָלסטדיקע געאָגראַפיע. ער איז געווען זיכער, אַז גאַנצע וועלטטיילן האָט מען נאָך ניט אַנטדעקט און אַז שפּאַניע קען פון זיי רייך ווערן.

ווען דער מוטיקער פאָרשער קאָלומבוס איז געשטאַנען פאַר דעם קיניגלעכן פּאָר און פאַר אַלע הויפלייט און געוויזן זיינע מאַפּעס און דערציילט וועגן דער אומבאַקאַנטער רייכער וועלט, האָט אַברבנאל געשפּאַנט זיך צוגעהערט און ווי פאַרפאַלן אין אַ זיסן חלום: ערגעץ ווייט, ווייט פון דאַנען, איבער ימים און טייכן, אויף נאָך ניט באַטראַטענער ערד, וועט אַ נייע וועלט אויפגיין! מענטשן אונטערדריקטע און געטריבענע פון זייערע היימלענדער, מענטשן פאַרפאָלגטע צוליב זייער גלויבן וועלן זיך ציען צו דער נייער וועלט און דאָרטן לעבן זאָרגלאָז און פריי.

צוזאַמען מיט עטלעכע מאַראַנען פון דעם קיניגלעכן הויף האָט ער געהאַלטן אין איין צורעדן דאָס קיניגלעכע פּאָר, אַז זיי זאָלן געבן געלט פאַר קאָלומבעסעס רייזע. זיי האָבן געהאָפט, אַז די רייכקייט פון די נייע לענדער וועט אין גאַנצן אַנזעטיקן די הערשערס און זיי וועלן אָפּשאַפן די בייזע געזעצן קעגן מאַראַנען און יידן. דער

קיניג און קיניגין זיינען אָבער געבליבן טויב צו זייערע רייד. ערשט ווען איינער פון די מאַראַנען האָט אויסגעלייגט דאָס געלט פאַר דער רייזע, האָט קאָלומבוס אין נאָמען פון דעם קיניגלעכן פּאָר זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

אָבער מער ווי וועגן אַלץ האָט מען אין יענער צייט אַרום דעם קיניגלעכן הויף גערעדט וועגן דעם געזעץ, וואָס וועט פאַרטרייבן אַלע יידן פון שפּאַניע. מען האָט באַצייטנס געציילט דאָס יידישע גאָלד און זילבער, וואָס וועט פאַרבלייבן אין לאַנד און מען האָט גע־פּרואווט טרעפן וויפל יידן עס וועלן זיך שמדן. טייל האָבן גע־וואָלט וועטן, אַז בלויז די אָנגעזעענע און רייכע וועלן זיך שמדן; ביי אַנדערע ווידער איז אויסגעקומען, אַז כמעט אַלע יידן וועלן זוכן שוץ אונטער די פליגל פון דער קירך, אַבי ניט פאַרוואַגלט צו ווערן פון דער היים. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן ניט גע־רעדט, נאָר שטומע און דערשלאָגענע זיך צוגעהערט צו די גע־שפּרעכן. דאָס זיינען געווען די, וועמען עס האָט געפּלאָגט דער גע־דאַנק, אַז עס איז אַ גרויסע זינד צו פאַרטרייבן מענטשן אין נאָמען פון דער הייליקער קירך. זיי האָבן אָבער געציטערט פאַר טאָרקוועמאַדאָן און פאַר דער אינקוויזיציע און זיך געהיט וועגן דעם אַ וואָרט אַרויסצורעדן.

## זיין געבעט האָט געקענט רירן אַ שטיין

מיט זייטיקע וועגן איז אַברבנאל כמעט אומבאַמערקט געקומען אין קיניגלעכן זאַל אַריין. דאָס קיניגלעכע פּאָר איז געווען גוט אויפֿ־געלייגט און זיי האָבן זייער פינאַנץ־מיניסטער אויפגענומען מיט גרויס פריינדשאַפט. זיי האָבן גערעדט צו אים גוטע רייד און אים געגעבן אָנצוהערן, אַז וואָס גרעסער און רייכער שפּאַניע וועט ווערן אַלץ העכער וועט ער שטייגן און אַלץ דערהויבענער וועט זיין נאָ־מען זיין אין קיניגלעכן הויף און איבערן גאַנצן לאַנד. זיי האָבן מיט ליבשאַפט גענומען ריידן וועגן זיין עלטסטן זון יהודה, ווי גוט ער קען די וויסנשאַפט פון היילן קראַנקע, ווי קלוג און געלערנט ער איז און ווי טיף זיי פילן זיין געטריישאַפט און זיין פריינדשאַפט.

— אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? דער קיניגלעכער באַפעל

פאַרטרייבט דאָך אונדז פון דינען אייך און פון דעם לאַנד, וואָס איז אונדז אַזוי ליב — האָט אַברבנאל זיי איבערגעשלאָגן.

— דער באַפעל טאָר ניט אָנרירן ניט דיך און ניט דיין הויזגע־זינט — האָט די קיניגין גוטמוטיק צו אים זיך אָנגערופן און מיט פרומקייט אַ קוק געטאָן אויפן צלם, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, פונקט אַנטקעגן אַברבנאלן.

— הארין און קיניגין! איך בין בלויז אַ צווייג פון אַ ברייט־שטאַמיקן אַלטן בוים, וואָס וואַקסט אין שפּאַניע מיט טיפע וואָרצ־לען און גיט מיט רייכקייט זיינע פרוכטן צו דעם לאַנד. ניט דער־לאָזט, אַז דער בוים זאָל אויסגעהאַקט ווערן! האָט אַברבנאל גע־רעדט צו דער קיניגין און אויך צום קיניג און זיי געגעבן צו פאַר־שטיין, ווי נוצלעך עס זיינען די הונדערטער טויזנטער יידן פאַרן לאַנד. ער האָט לאַנג צו זיי גערעדט, אָבער די פנימער פון די הער־שערס האָבן זיך בלויז פאַרוואָלקנט. געענטפערט האָבן זיי גאָרניט. ערשט ווען אַברבנאל האָט זיי פאָרגעשלאָגן דריי הונדערט טויזנט גאָלדענע דוקאַטן, ווי אַן אויסלייז פאַר די יידן, האָבן זייערע אויגן זיך צעגלאַנצט.

אַברבנאלס האַרץ איז געווען איין גרויסע וואונד. ער האָט איצט מער ווי ווען ניט איז פריער געפילט דעם צער און דעם פיין פון זיינע פאַרצווייפלטע ברידער און שוועסטער, וואָס וואַרטן אויף זיין הילף. הייסע טרערן האָבן אַ שטראָם געטאָן פון זיינע גרויסע ליכטיקע אויגן און זיך אַראָפּגעקייקלט אויף זיין שיינער באָרד, וואָס איז אין די לעצטע טעג שטאַרק גרוי געוואָרן.

— דאָס זיינען טרערן פון טויזנטער קליינע קינדער, וואָס וועלן בלייבן אָן היימען און זיך אַרומוואַלגערן אין רעגן און אין קעלט, אין פעלדער און אין וועלדער. דאָס זיינען טרערן פון אַלטע לייט, וועמען עס ציט צו רוען אין אייביקן שלאָף, לעבן דעם געביין פון זייערע אור־עלטערן!

זיין שטים איז געווען אָנגעזאַפּט מיט געוויין. זיינע קני האָבן זיך געבויגן און ער האָט מיט זיין שטאָלצן גוף זיך אַראָפּגעלאָזט צו די פיס פון דעם קיניג און פון דער קיניגין.

— ווערדיקע הערשערס פון שפּאַניע! — איז ער זיך פאַרגאַנ־גען אין אַ געבעט, וואָס האָט געקענט רירן אַ שטיין — איך בעט אייך, זייט גוט צו מיר און צו מיינע ברידער! רופט צוריק דעם באַ־פעל און ראַטעוועט פון אונטערגאַנג הונדערטער טויזנטער מענטשן! שפּאַניע איז זייער היים און זיי האָבן ניט וואוהין צו גיין. איך וועל זיין אייער אייביקער קנעכט, איך וועל אָפּגעבן דער קרוין אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, אַבי ווייזט אַרויס אייער רחמנות!

— הייב דיך אויף, גוטער פריינד! — האָט די קיניגין אַ געריר־טע זיך געווענדט צו אַבּרבנאַלן און געווישט טרערן פון אירע אויגן — דו האָסט אַ גרויס מענטשלעך האַרץ.

— מיר וועלן דאָס געזעץ נאָך אַ מאָל באַטראַכטן און זען — האָט דער קיניג זיך אָנגערופן און איז שוין געווען גרייט צו פאַר־האַנדלען מיט אַבּרבנאַלן וועגן דעם אויסלייז־געלט. אַבּרבנאַל האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד מיט אַ נייער האָפענונג אין האַרץ.

פלוצעם האָט די טיר פון קיניגלעכן זאַל זיך אויפגעעפנט און טאָרקוועמאַדאַ איז ווי אַ טייוול, אין גאַנצן איינגעהילט אין שוואַרצן, אַריינגעפלויגן מיט אַ גרויסן צלם אין האַנט.

— יהודה איש קריות האָט פאַרקויפט קריסטוסן פאַר דרייסיק זילבערשטיק און איר, הערשערס פון שפּאַניע, געזאַלבטע פון גאָט, ווילט אים פאַרקויפן פאַר דריי הונדערט טויזנט גאָלדשטיק! אָט האָט איר קריסטוסן אויפן צלם, נעמט און פאַרקויפט אים!

די ווערטער האָבן ווי גיפט פון אַ שלאַנג, אַרויסגעטריפט פון זיין מויל. ער האָט מיט צאָרן אַוועקגעשטעלט דעם צלם מיטן צו־גענאַגלטן קריסטוס צווישן דעם קיניגלעכן פּאָר, מיט אָנגעצונדענע אויגן אַ ברען געטאָן די קיניגין, און איז מיט גיכע טריט אַרויס פון פּאַלאַץ.

דער ווילדער טאָרקוועמאַדאַ האָט מיט זיין בליק און מיט זיינע געציילטע ווערטער ווידער געוואונען די הערשערס און זייביידע ווי פאַרכישופט.

— דאָס געזעץ בלייבט געזעץ! — האָט די קיניגין ווי אַ פאַר־גליווערטע אַרויסגערעדט די ווערטער און זיך איבערגעצלמט.

— דאָס געזעץ מוז דורכגעפירט ווערן! אָבער דיין אָרט און דיין זון יהודהס אָרט איז ביי אונדז אין הויף און אין שפּאַניע. דאָס לאַנד דאַרף אייך האָבן און איר טאָרט עס ניט פאַרלאָזן — האָט דער קיניג גערעדט צו אַברבנאַלן.

—אונדזער אָרט איז איצט צווישן אונדזערע געטריבענע ברי־דער. זייער גורל איז אויך אונדזער גורל — האָט אַברבנאַל רואיק אָפּגעענטפערט און, אַן אויסגעצויגענער, אַ גלייכער, האָט ער פאַר־לאָזט דאָס קיניגלעכע פּאָר.

---

די הערשערס פון שפּאַניע האָבן אַלץ אָנגעווענדט צו פאַרהאַלטן אין לאַנד זייער פינאַנץ־מיניסטער און זיין זון דעם הויף־דאָקטער. ווען זיי האָבן אָבער געזען, אַז ביידע האַלטן אין איין אָפּזאָגן זיך, האָבן זיי געפּרואווט זיי פאַרהאַלטן איבער גוואַלד.

יהודה אַברבנאַל האָט געהאַט אַן איין־און־איינציקן זון, וואָס איז אַ יאָר אַלט געווען. דאָס קיניגלעכע פּאָר האָט געוואוסט, אַז דאָס קינד איז ביי דעם טאַטן און ביי דעם זיידן דאָס אויג פון קאָפּ. איז זיי איינגעפאַלן אוועקצורויבן דאָס קינד און עס צו פאַרהאַלטן. ווען צוליב אים די אַברבנאַלס שוין אויך פאַרבלייבן אין לאַנד.

אין אַ פינצטערער נאַכט האָבן באַוואָפנטע און פאַרשטעלטע מענער זיך אַריינגעריסן אין יהודהס הויז. ווען זיי זיינען אָבער צו־געקומען צו דעם קינדס וויגל האָבן זיי עס געפונען ליידיק.

גוטע פריינד האָבן די אַברבנאַלס באַצייטנס געלאָזט וויסן דעם שענדלעכן פּלאַן און יהודה האָט דאָס קינד, צוזאַמען מיט דער אַם, מיט אַ טאָג פריער שטילערהייט אוועקגעשיקט קיין פּאָרטוגאַל. די פאַנאַטישע גלחים זיינען אָבער ניט געשלאָפן. נאָך איידער דאָס קינד האָט דערגרייכט דאָס לאַנד פּאָרטוגאַל האָבן שוין דאָרטן אויף אים געוואַרט די פרומע נשמה־כאַפּערס. די אַם איז נאָר אַרונטער פון דער שיף, זיינען זי באַפאַלן עטלעכע קירכן־דינער און אַרויסגע־ריסן דאָס קינד פון אירע הענט. זיי האָבן דעם קליינעם אַברבנאַל באַלד אָפּגעשמדט, אים פאַרשלעפּט ערגעץ וואו אין אַ פּאָרטוגעזישן

קלויסטער און די אַבּרבּנאַלס האָבּן זייער קינד, זייער אויג אין קאָפּ, שוין קיין מאָל מערניט געזען.

די פאַמיליע האָט דאָס קינד באַוויינט נאָך מער ווי מע באַוויינט אַ טויטן און נאָך אים לאַנג, לאַנג געטרויערט.

## אין די לעצטע טעג

דער פרילינג איז אין דער זוניקער שפּאַניע געווען אַ לויטערער, אַ פריילעכער. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז געווען ווי שיכור פון דעם גליק, וואָס דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די פאַרטריבענע יידן וועט פאַרבלייבן אין לאַנד און וואָס בלויז קריסטן וועלן מעגן וואוינען אין דער מעכטיקער און גרויסער שפּאַניע.

אָבער פאַר די יידן פון שפּאַניע איז יענער פרילינג געווען אַן אומגליקלעכער. דאָן יצחק אַבּרבּנאַל איז צוריקגעקומען פון דעם קיניגלעכן הויף מיט גאָרניט און די לעצטע האָפענונג, אַז מע זאָל אָפּשאַפן די גזירה, האָט זיך אויסגעלאָשן. לאַנגע וואָכן זיינען די יידן אַרומגעגאַנגען עפּעס ווי פאַרזונקענע אין אַ שווערן חלום און געוואַרט אויף אַ נס, וואָס זאָל זיי ראַטעווען. לאַנגע וואָכן האָבן די שפּאַנישע יידן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט פאַרשטיין, אַז אָט, אָט וועלן זיי מוזן פאַרלאָזן זייער היימלאַנד.

אויך אַבּרבּנאַל האָט ווי געוואַרט אויף אַ גרויס וואונדער. ער איז אין יענער צייט גאַנצע נעכט געווען פאַרטיפט אין די אַלטע הייליקע ספרים און ער האָט אין זיי ניט נאָר געפונען טרייסט פאַר זיינע פאַרטרויערטע ברידער, נאָר אויך דעם גלויבן, אַז עס מוז שוין זיין זייער נאָענט די צייט פון אויסלייזונג.

— דער בעכער פון אונדזערע ליידן איז איצט פול געוואָרן. דאָס שלעכטס פון דעם מענטשן איז שוין אין גאַנצן אויסגעשעפּט און דאָס אומרעכט פון דער וועלט איז שוין ביי דער לעצטער גרענעץ. משיח בן דוד, אונדזער אויסלייזער, קען זיך מערניט פאַרזאַמען. עס הערן זיך שוין זיינע טריט! ער וועט קומען צו אונדז, איינגעהילט אין אַ קלייד פון אונדזער צער און פיין, און די קרוין, וואָס ער וועט טראָגן אויף זיין קאָפּ, וועט זיין צוזאַמענגעזעצט פון אונדזערע

טרערן! — אזוי האָט אַברבנאל געמוטיקט די יידן איבערן לאַנד און זיי ניט געלאָזט פאַרצווייפלען.

אין גרויס טרויער האָבן די שפּאַנישע יידן ערשט אין די לעצטע טעג זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. קוואַלן טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זייערע אויגן, ווען זיי האָבן זיך גענומען געזעגענען מיט זייער ליב פאָטערלאַנד, וואו זייערע זיידעס האָבן זיך באַזעצט נאָך איידער דאָס קריסטנטום איז געווען אויף דער וועלט.

עס איז זיי שווער געווען אַוועקצוגיין אויף שטענדיק פון זייערע אַלטע שולן, פון זייערע שיינע הייזער און גערטנער, וואָס זיינען לאַנגע דורות איבערגעגאַנגען אין ירושה פון פאָטער צו זון. עס איז זיי שווער געווען זיך אָפּצוטיילן פון די באַהאַלטענע יידן, די מאַראַנען, און עס איז זיי שווער געווען איבערצולאָזן זייערע גוטע קריסטלעכע שכנים, וואָס האָבן מיט טרערן אין די אויגן געשאָלטן די פאַנאַטישע גלחים צוזאַמען מיט דעם משוגענעם טאָרקוועמאַדאַ, וועלכע האָבן דערנידעריקט זייער רעליגיע.

צום שווערסטן איז אָבער די יידן געווען זיך צו שיידן פון זייערע נאָענטע און ליבע, וואָס האָבן גערוט אויף די בית-עולמס. טעג און נעכט זיינען די קברים געווען באַלאַגערט פון יונג און אַלט.

— זיידע, שטיי אויף און זע וואָס עס איז געוואָרן פון דיינע אייניקלעך! זע ווי מיר ווערן צו שפּאָט און צו שאַנד!

— מאַמע, מאַך אויף דיין פינצטערן קבר און נעם מיך צו צו דיר, ווייל איך האָב ניט וואוהין צו גיין! מאַמע, איך וויל בעסער שטאַרבן איידער דיך דאָ איבערלאָזן אַליין!

— טאַטע, באַרויבטע, באַרוועסע און נאַקעטע ווערן מיר געטריבן אין דער פרעמד! אַזוי האָבן יאָמערלעכע געוויינען און געשרייען זיך געטראָגן פון די הייליקע-ערטער און אָפּגעקלונגען וויים. אַ סך מצבות האָבן יידן אַרויסגענומען פון דער ערד און אויף די פלייצעס זיי מיטגעטראָגן מיט זיך אין דער פרעמד.

ניט קיין גאָלד און זילבער און ניט קיין געלט האָט מען די יידן דערלויבט אַרויסצופירן פון לאַנד. זיי האָבן דערפאַר געזוכט אויסצובייטן זייער פאַרמעגן אויף פאַרשיידענע סחורות, וואָס זיי האָבן

געמעגט נעמען מיט זיך. אָבער די גלחים האָבן אָנגעזאָגט די קריסטן, אַז זיי זאָלן מיט די יידן אין גאַנצן ניט האַנדלען.

— עס איז אַ זינד ביי זיי איצט עפּעס צו קויפן. זיי וועלן דאָך סיי ווי אַלץ מוזן איבערלאָזן — האָבן זיי געפּרעדיקט אין גאַס און אין די קירכן.

אַנדערע יידן האָבן איבערגעלאָזט זייערע פאַרמעגנס אין די הענט פון זייערע געטרייע קריסטלעכע פריינד און ביי די מאַראַנען, וואָס האָבן אין די לעצטע טעג איינגעשטעלט דאָס לעבן אויף צו העלפן די יידן זיך צוצוגרייטן אין וועג אַריין. אַנדערע ווידער האָבן אוועקגעגעבן אַלץ כמעט אומזיסט. זיי האָבן אויסגעביטן אַ הויז פאַר אַ פערד און אוועקגעגעבן אַ גאָרטן פאַר אַ מאַנטל אָדער פאַר אַ ביסל עסנוואַרג. עס זיינען געווען אויך אַזעלכע יידן ,וואָס האָבן אויפגעהאַנגען שטאַרקע שלעסער אויף די טירן פון זייערע שטיבער, מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך באַלד קענען אומקערן אַהיים.

אין די לעצטע טעג ווען די יידן זיינען געווען שטאַרק דער־שלאָגן, ווען די ערד אַרום זיי איז געווען נאָס פון טרערן, האָבן צו זיי אָנגעהויבן קומען גלחים פון אַלע זייטן.

— מיר קענען ניט צוזען אייער צער. אונדזערע הערצער ווערן צעגאַנגען פון רחמנות. מיר ווילן אייך באַשיצן, מיר ווילן ראַטע־ווען אייערע קינדער פון אונטערגאַנג! — האָבן זיי גערעדט מיט זי־סע גוטע רייד און באַוועגט אין דער לופט מיט זייערע צלמים.

— מיר ווילן ניט אייער הילף! — האָבן די יידן מיט שפּאָט גע־טריבן זיי פון זיך און פון זייערע קינדער און אפילו ניט געוואָלט אויסהערן זייערע „באַרעמהאַרציקע" רייד.

ווי אַ העלדישער קאַפּיטאַן אויף אַ צעלעכערטער שיף, וואָס געפינט זיך אין מיטן ים, איז דאָן יצחק אַברבנאל אין יענע טעג גע־טריי געשטאַנען מיט זיינע אומגליקלעכע ברידער. ער האָט די יידן צוגעגעבן מוט, אַז זיי זאָלן זיך ניט שרעקן צו גיין אין דער פרעמד און ער האָט ביי זיי אויפגעוועקט אַזאַ פריינדשאַפט און אַזאַ ליב־שאַפט איינער צום אַנדערן, אַז זיי האָבן זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן ברויט.

— שטאַרקט אייך, דער טאָג פון אויסלייזונג איז נאָענט! לאָ־מיר מיט גלויבן אין די הערצער וואַנדערן איבער דער וועלט ווי אונדזערע אור־עלטערן אין די פריערדיקע גלותן און גרויס מאַכן דעם נאָמען פון אונדזער פאָלק און פון אונדזער גלויבן! — זיינע רייד און זיינע געשריבענע ווערטער האָבן ווי קוואַלנדיק וואַסער דער־קוויקט און אויפגעלעבט די דערשלאָגענע געמיטער.

זיינע פריינד פון קיניגלעכן הויף האָבן אים געוואָלט העלפן, אַז ער זאָל באַצייטנס אַרויסראַטעווען זיך און זיין פאַרמעגן, אָבער ער האָט אַפילו ניט געוואָלט הערן דערפון.

— ניין, מיין לעבן און מיין פאַרמעגן איז ביי מיר ניט ווערט מער ווי די לעבנס און די פאַרמעגנס פון מיינע הונדערטער טויזנ־טער ברידער. מיין עלטער־זיידע איז מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק געווען צווישן די ערשטע יידן, וואָס זיינען געקומען קיין שפּאַניע און איך וועל זיין צווישן די לעצטע דאָס לאַנד צו פאַרלאָזן — האָט ער זיי געענטפערט.

ער האָט מיט ברייטהאַרציקייט צעטיילט זיין פאַרמעגן צווישן די אָרעמע, וואָס האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין און אַ סך רייכע יידן האָבן אים נאָכגעטאָן. ער האָט צוזאַמען מיט די פאַרשטייערס פון אַ סך שפּאַנישע קהילות געזען, אַז די פאַרטריבענע זאָלן האָבן וואָס אָנצוטאָן און אַז די קינדער זייערע זאָלן כאָטש אין די ערשטע טעג פון זייער וואַנדער זיין פאַרזאָרגט מיט ברויט און מילך.

## אָן אַ היים

אַרום דריי הונדערט טויזנט שפּאַנישע יידן זיינען אין איין טאָג געבליבן אָן אַ היים און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבן געוואָלט פאַרבלייבן יידן. דאָס איז געווען אום תשעה באב, אין דעם טאָג ווען ביידע בית־המקדשן זיינען חרוב געוואָרן. די פאַרטריבענע יידן האָבן יענעם טרויעריקן טאָג פאַרצייכנט פאַרן טאָג פון אַ דריטן חורבן און פון אַ דריטן גלות. זיי האָבן זיך אָבער געשטאַרקט און מוטיקע, באַגלייט פון מוזיק, פאַרלאָזט זייער ליב היימלאַנד.

אַ סך גלחים זיינען נאָכגעגאַנגען די פאַרטריבענע און געזוכט

זיי איבערצורעדן צום שמד. עס איז אָבער אומזיסט געווען זייער מי.

— קומט צוריק אַהיים! אומגליק און טויט וואַרט אויף אייך אין דער ווילדער פרעמד. קומט מיט אונדז. קריסטוס, אונדזער אויסלייזער, רופט אייך!

— ניין, דער אויסלייזער איז נאָך ניט געקומען. וואָלט ער געווען דאָ אויף דער ערד, וואָלט רויב און מאָרד ניט באַהערשט די וועלט! — האָבן די יידן מיט פאַרביטערונג זיי אָפּגעענטפערט.

— ווען מיר וועלן זיך אָפּרייסן פון אונדזער שטאַם און פון גאָטס געבאָט וועלן מיר שטאַרבן ביים לעבן; ווען מיר וועלן אָבער בלייבן באַהעפט מיט אונדזער גלויבן און מיט אונדזער פאָלק, וועלן מיר בלייבן לעבן אפילו ווען מיר זאָלן שטאַרבן, — האָבן די פאַרטריבענע אויפן וואַנדערוועג איינער דעם אַנדערן געטרייסט אין דער שעה פון נויט.

אויפן וועג האָבן אַ מאָל גוטע קריסטלעכע פרויען באַגעגנט די געטריבענע מיט וואַסער און מילך פאַר די קינדער, וואָס זיינען געגאַנגען אין גלייכן טראַט מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס.

— נעמט טייערע, דערפרישט אייערע הערצלעך! — האָבן זיי מיט טרערן אין די אויגן זיך געווענדט צום קליינוואַרג, וואָס די ליפּעלעך זיינען ביי זיי געווען פאַרברענט פון היץ און דורשט.

— מירן ניט נעמען, מיר ווילן בלייבן יידן! — האָבן די פאַרשמאַכטע קינדער זיי אָפּגעשטופּט פון זיך, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מע וועט זיי דערפאַר הייסן קושן דעם צלם.

ביי די גרענעצן פון לאַנד האָבן די פאַרטריבענע יידן זיך צעטיילט אין גרופּעס און זיך אַוועקגעלאָזט אויף פאַרשיידענע וועגן.

דעם זעלבן טאָג ווען קאָלומבוס איז אַרויסגעפאָרן זוכן די נייע וועלט, וואָס איז דערנאָך געוואָרן די היים פון פאַרפאָלגטע און פאַרשטויסענע, האָבן די היימלאָזע יידן פון שפּאַניע זיך אַרויסגעלאָזט זוכן פאַר זיך אַ פּיצל ערד אונטער דער זון.

אָנגעפּאַקטע אויף שיפן, האָבן זיי לאַנג אַרומגעוואַנדערט אויף ימים, געשוואומען פון איין ברעג צום אַנדערן און זיך געבעטן ביי די

טויערן פון פאַרשיידענע לענדער, אַז מע זאָל אויף זייערע קינדער רחמנות האָבן און זיי אַריינלאָזן. זעלטן האָט מען פאַר אַ טייל פאַרטריבענע געעפנט אַ טיר.

פאַר אַ גרויסן קאַפּשטייער האָט מען אַ טייל דערלויבט, אויף אַ קורצער צייט בלויז, אַריינצופאָרן אין די שכנישע לענדער, פון וואַנען מען האָט דערנאָך ווייטער געטריבן. אַ סך פון די וואַגלערס זיינען אין פאַרשיידענע פאָרטן געראַטעוועט געוואָרן פון יידן פון גאַר דער וועלט, וואָס האָבן ניט געקאַרגט קיין גאָלד און קיין זילבער און באַזאָרגט די פאַרטריבענע מיט היימען און מיט ברויט.

אָבער טויזנטער און טויזנטער פון די אומגליקלעכע וואַנדערערס זיינען אומגעקומען אויפן וועג. עס זיינען זיי באַפאַלן פיראַטן, ווילדע מענטשן און זיי האָבן די הילפלאָזע געראַבעט און געמאָרדעט אָן רחמנות. די שיפס־קאַפּיטאַנען אליין, וואָס האָבן זיי געפירט אויף זייערע שיפן, האָבן ביי אַ סך פון די וואַנדערערס אַלץ צוגענומען און זיי פאַרשלעפט אויף ווילדע אינדזלען אָדער זיי פאַרקויפט פאַר שקלאַפן.

---

אַ גרייזגרויער און אַן אויסגעמאַטערטער איז דאָן יצחק אַבּרבּנאַל צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע און מיט אַ גרופּע שפּאַנישע יידן, נאָך עטלעכע חדשים וואַנדערן, אָנגעקומען אין דער שטאָט נעאַפּאָל. ניט נאָר די יידן נאָר אויך דער קיניג פון לאַנד האָט מיט אַכטונג און פריינדשאַפט אויפגענומען דעם גרויסן יידישן פירער און באַרימטן מיניסטער. מען האָט אים איינגעלאַדן אין קיניגלעכן הויף אַריין און דער הערשער פון נעאַפּאָל האָט אים באַלד אָנגעטרויט אַ הויכן אַמט אין דער רעגירונג.

אַבּרבּנאַל האָט באַלד ווידער געהאַט אַ היים פאַר זיין פאַמיליע און ער האָט מיט דער מאַכט פון דעם גוטן קיניג, וואָס האָט אים צוליב אַרויסגעוויזן אַ סך פריינדשאַפט צו די יידן, באַלד ווידער זיך געקענט אָננעמען פאַר זיינע אומגליקלעכע ברידער.

אָבער אויך דאָס ביסל גליק האָט לאַנג זיך ניט געצויגן. נאָך איידער ער האָט זיך רעכט צוגעוווינט צו דער נייער היים, האָט ער ווידער געדאַרפט נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט.

די פראנצויזן האבן פארפירט א מלחמה קעגן זיין נייעם קיניג און פארכאפט די שטאט נעאפאל. דעם קיניג האט מען פארטריבן און אברבנאל, אן אפגעריסענער פון זיין פאמיליע, איז מיט אים מיטגעגאנגען אין גלות קיין סיציליע. זיין הויז אין נעאפאל האבן די פראנצויזן צעשטערט און זיין פאמיליע איז אוועק זוכן שוץ אין אנדערע שטעט.

אין סיציליע איז דער איינזאמער קיניג געשטארבן און אברבנאל האט פון דארט געמוזט אנטלויפן. איז ער אוועק צו ערשט אויף דעם אינדזל קארפו און פון קארפו האט ער אוועקגעוואנדערט קיין מאנאפאלי.

אין מאנאפאלי האט אברבנאל פארבראכט ארום אכט יאר צייט. ער האט די אלע יארן דארטן ניט געדארפט זארגן פאר א קיניג, פאר פינאנצן פון רעגירונג. זיין איינציקע זארג אין מאנאפאלי איז געווען צו טרייסטן און צו דערפרייען די אומגליקלעכע יידן, וואס האבן דעמאלט ארומגעוואגלט איבער פארשיידענע לענדער און אלע מאל אין אנדערע נעצן אריינגעפאלן. ער האט דארט אויפס ניי מיט פרישן כח זיך גענומען צו זיין שעפערישער ארבעט און ער האט פארגעזעצט די אויסטייטשונג און דערקלערונג פון תנך. ער האט דארט געשריבן ביכער, דורך וועלכע ער האט פארזיכערט די יידן, אז משיח וועט זיך ניט פארזאמען, אז זיי זאלן האפן, ווארטן און גלייבן.

טויזנטער און טויזנטער האבן זיך דערוואַרעמט מיט דער האפענונג, אז משיח דארף באלד קומען און זיך געראטעוועט פון פארצווייפלונג און אונטערגאנג.

פון מאנאפאלי איז יצחק אברבנאל אוועק קיין ווענעציע צו פארברענגען זיינע לעצטע יארן לעבן זיינע עלטערע צוויי זין, וואס האבן דארטן געלעבט.

דארטן האט ער זיך אויך באגעגנט מיט זיין יינגסטן זון, וואס האט געוואוינט אין גענוא. ער האט געוואלט זיין נאענט לעבן זיינע קינדער, וואס זיינען אים געווען א טרייסט און א נחת אויף דער עלטער. ער איז געווען שטאלץ מיט זיי, ווייל זיי האבן ניט פארשעמט זיין נאמען. זיי זיינען אלע דריי געווען געלערנטע, קלוגע און אנגעזען און זיי זיינען ווי ער מיט לייב און לעבן געווען צוגעבונדן צו זייער פאלק.

זעקס און זעכציק יאָר איז אַברבנאַל אַלט געווען, ווען ער איז געקומען קיין ווענעציע. ער איז אָבער שוין געווען שוואַך און אַלט. זיינע וואַנדערונגען און די ליידן פון די יידן האָבן אים שטאַרק גע־עלטערט און געבראָכן זיין געזונט. און דאָך האָט ער נאָך אויך אין ווענעציע געדינט אין סענאַט און געפירט פאַר דער רעגירונג דיפּ־לאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען מיט אַנדערע לענדער.

אויך אין ווענעציע איז זיין הויז באַלד געוואָרן דער צענטער פון אַ סך געלערנטע לייט און זיין לעבן איז געווען פול מיט ארבעט ביז צו זיין לעצטער מינוט.

אין אַ ווינטערנאַכט פון דעם יאָר 1509 האָט דאָס ליכט פון זיין לעבן אַנגעהויבן זיך אויסלעשן. אַרום אים זיינען געווען פאַרזאַמלט זיינע נאָענטע פריינד און זיין פאַמיליע. אַברבנאַל האָט אָבער אַפּנים אין די לעצטע מינוטן פאַר זיך געזען ניט נאָר די, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום זיין בעט, נאָר טויזנטער און טויזנ־טער יידן פון פּאָרטוגאַל און פון שפּאַניע. ער האָט זיי געזען אויף די שטורעמדיקע ימים און אויף די וועגן פון קיינעמס־לאַנד און ער האָט צו זיי אין אַ מילד שטיל קול גערעדט, אַז זייער וועג פון פּיין פירט זיי צו אַן אויפגייענדיקן מאָרגן, פול מיט זוניקער לויטערקייט, מיט פרייד און גליק, וואָס וועט שוין מער קיין מאָל ניט פאַרגיין.

דערנאָך האָט ער אַ רואיקער ווי אַ קינד אַ שמייכל געטאָן און אַרויסגעלאָזט דעם לעצטן אָטעם.

עס איז געשטאָרבן דער גרויסער יידישער פירער און לערער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון רייכקייט און פון אַ הויכן קיניגלעכן אַמט, אַבי צו קענען דינען טריי זיין גלויבן און זיין פאָלק. יידן פון ווייט און ברייט האָבן נאָך אים לאַנג געטרויערט.

זיינע קינדער און זיינע פריינד האָבן אים געבראַכט צו קבר ישראל אויף דעם בית־עולם פון פּאַדואַ, וואו עס האָבן גערוט אַ סך גרויסע יידישע געלערנטע. אָבער אַפילו אויך זיין געביין איז ניט באַשערט געווען קיין רו. די דייטשן האָבן אין אַ מלחמה קעגן איטאַליע צעשטערט דאָס הייליקע־אָרט אין פּאַדואַ און עס איז ניט געבליבן קיין סימן פון אַברבנאַלס קבר. זיין נאָמען האָט מען אָבער קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

ערשט אין דעם יאָר 1904 האָבן די יידן פון פּאַדואַ אויף זייער בית־עולם געשטעלט אַ גרויסן דענקמאָל דעם אומפאַרגעסלעכן דאָן יצחק אַברבנאַל.